קלאראן

מיין געטרייער לעבנסחברטע

מיט הארציקסטע ברכות:

זאלסט זיין געזונט און האבן הנאה פונעם לעבן.

**נאטאן מארק (אבי אביר-ציון)**

# נאכט-קולות, בליישטיפט און שטערן

(משלים, משלים-באלאדעס און פאראבלס)

א טייל פון די משלים איז פארעפנטלעכט געווארן אין די פאלגנדיקע צייטשריפטן:

**אויפגאנג** — סיגעט

**אונדזער צייט** — קעשענעוו; ניו יארק;

**געצעלטן** — ניו יארק;

**באדן** — ניו יארק;

**זאמלונגען** — ניו יארק;

**יידישע קולטור** — ניו יארק;

**דאסווארט** — קאונאס.

## באמערקונגען

1. דער זשאנער משל, איז ווי צוגעשניטן פאר דער קאטע-גאריע פון שאפונג, וועלכע האט אויפן אויג דאס אמאראלע אויף יעדן געביט פון לעבן און שטעלט זיך פאר א חוב דאסדאזיקע צו אנטפלעקן, ווייזנדיק זיין מיאוסקייט און אומבארעכטיקייט. דער משל-דיכטער טוט דאס, וויגנדיק זיך אין דער האפענונג, אז דאס מיאוסע און נידערטרעכטיקע זעענדיק זיך אין זיין פינצטערן ליכט, וועט אים אנכאפן א גרויל און עס וועט זיך באמיען, דאס מער ניט איבערצוחזרן.

2. האבנדיק, כמעט אלע, דעמזעלבן צוועק, איז ניט מעגלעך, אין יעדן משל נייע געדאנקען ארויסצוברענגען. און כאטש אזוי, איז דאס אבסאלוט א ווינטשנסווערטער זשאנער, ווייל כדי מיאוס-קייטן צו פארמיאוסן, מוז זייער מיאוסקייט זיך אנטפלעקן אויף שריט און טריט און אין יעדער פארעם: אינעם קישן אויפן פלויט, אינעם עלעגאנט אויסגעפרעסטן העמד, אינעם וואלגערהאלץ, אין דער סליחה, אין דער קאלדרע, אינעם טאנק, אינעם רעגנטראפן, אינעם שופר, אין דער לבנה, אינעם הונט, אינעם טייך, אינעם פאפיר, אין דער הבדלה, א.אז.וו., א.אז.וו., א.אז.וו.

3. אבער ניט בלויז מוסר-השכל גיט דעם משל עגזיסטענץ-בארעכטיגונג. דער אלטער קלאסישער מאטיוו: „שעל ידי משל אדם עומד על דברי תורה״ (דורכן משל פארשטייט מען טיפע זאכן) איז גילטיק אויך היינט. ווען איך וויל ארויסזאגן מיין דעה וועגן לימוד פון גמרא, וועט עס דעם ליינער לייכטער אריינדרינגען אין געדאנק דורכן משל ווי דורך א פארשערישער ארבעט. דאס-זעלבע אויך מכוח ליטעראטור מורי-הוראה׳ס („פרייטער און גענעראל״) וועלכע, א טייל פון זיי, זענען נעבעכדיקע קאליקעס און בלויז א דאנק געוויסע קאניונקטורן און עלנבויגנס, פסל׳ען און כשר׳ען זיי לויט זייער געשמאקלאזן געשמאק.

4. ווי א פועל-יוצא פון דעם אויבן געזאגטן, איז דער משל ממילא רעוואליוציאנער.

# אריינפיר

רינען ריטשקעלעך פון כמארעס,
ווי פון שפארעס
אינעם ארעמאנס שטיוועלטן.
מאכט מען שרינטן אין די גאסן,
ווי אויף פענעמער פון קלאסן
וועלכע זענען לעבעדיקערהייט סקעלעטן.

האט מען מורא הויך צו שרייען,
קלאר ארויס צו זאגן אלע מיינען,
און מען טרייסט זיך מיטן רעיון:
שפעטער וועלן לאכן די וואס איצטער וויינען...

# דאס העמד, די זייף און די האנט

**דאס העמד צו דער זייף:**
פעסטער, שטארקער רייב!
מארגן גייט דער פריץ אויפן באל!
סאמע פריצים, פריצות זיין ביים טאנץ!
טו מיר ניט להכעיס!
שפיגלען זאל איך אויפן לייב
פיקען אלע חברים זאל די גאל!
גיב זיך מי און ברענג ארויס א גלאנץ.
שעפן זאל איך נחת!

**די זייף צו דער האנט:**
הערסטו וואס עס זאגט דאס העמד?
פריץ אויפן באל דארף גיין!
זארג־זשע פריינט,
ער זאל האבן זיבן חנ'ען;
ניט מיר זאלן, גאט באהיט, פארשעמט
בלייבן. **קיינער,** קיין
חבר אדער פיינט
זאל צו אים זיך ניט פארגלייכן קענען!

— טפשים וואס איר זענט!
— שרייט מיט צארן אויס, די האנט —
שפאט און שאנד,
ווען דעם לעצטן טראפן כוח
פאר די פריצים איר פארשווענדט,
זיי צו שטעלן אין דער מזרח־וואנט!
ווערט דען אייער **נאמען** כאטש דערמאנט!!??
טעמפע ברואים! צייט שוין, כ'לעבן, עפענען דעם מוח!...

# דער שטרויזאַק, די קאַלדרע און דער האָר

**דער שטרויזאַק**

פרוי קאַלדרע, זייט ניט ברוגז כ׳בעט אייך:
צעשפּרייט אַביסל אייערע פאַלעס,
איך זאָל זיך ניט פאַרקילן.
דעם האָר בלויז זעט איר!
ער האָט דאָך קישנס, אי צוקאָפּנס אי צופיסנס,
בעת איך, איך ליג אויף האַרטע ברעטער;
ווי איז מען אַזוי אומרחמנותדיק ניט מיטצופילן?

**די קאַלדרע**

נו, מעג עס דיך פאַרדריסן.
נאָר זאָג מיר דו: זייט ווען
האָסט דאָס אַזאַ געמיינעם פּיסק באַקומען?!
אויף שטיקער איך צעהאַק דיך
אַז וועסט ניט שטומען!״

געלאַסן,
פול בטחון;
צעלאַכט דער זאַק זיך
און ענטפערט מיט נצחון:
„אומזיסט דיין שרייען;
דעם כוח וועלעכן ערשט נעכטן האָסט באַזעסן,
איז מאָרגן שטרוי און רויעך.
דו מעגסט שוין היינט אָן אים פאַרגעסן.
איך בין דעם גאַנצן סוד געוווּיר געוואָרן:
ווען איך וועל האָבן שטאַרקן ווילן,
וועסט טאַנצן **דו** ווי איך וועל שפּילן.
דו וועסט שוין מער אויף מיר ניט רייטן!
עס וועט קיין שום זיך־קלוגן דיר ניט העלפן!
אַוועק די צייטן!

ווען איך וועל זיך א **שאר** נאר געבן —
א טר־ר־ר־אך אין שאול תחתיה גיט איר ביידע
אי דו און אי דער האר! און כ׳לעבן,
עס וועט ניט טרוירן קיינער ניט נאך דער **אבדה**!״

דער האר פארנעמען די דיבורים
האט ער גענומען ווערסקען,
שרייען:
„מחוצף איינער!
**הונט!**
עמלק!
אהער מיט מיר צום דיין!
איך וועל מיט דיר שוין לערנען בלק!״

דער זאק קיין ווארט ניט ענפערט
נאר לאכט אים אין די אויגן
פאר גליק: אט־אט וועט ער דערלעבן די נקמה.

געפלויגן וואלטן פעטש מסתמא,
דער שטרויזאק אבער האט אזוי געלאכט,
אז איך פון שלאף האב אויפגעוואכט.
— — — — — — — — — — —
איך קוק אהין,
אהער —
ער ליגט און קרעכצט ווי יעדער נאכט...
— — — — — — — — — —
האב איך ביי זיך געקלערט:
דו שטרויענע נשמה, אויב אזוי, טא ביסטו מער ניט ווערט...

## די זאנג, די צעפּע און דאָס מייזל

צעיאַכמעט זיך די צעפּע ווי אַ בייזע שלאַנג
און טוט אַ וואָרף זיך אויף דער זאַנג.
פליִען אָברים פון איר
שטיקערווייז,
און זי שווייגט.
ווען זי האָט דערפילט,
עס דערנענטערט זיך דער סוף,
האָט זי מיט דער לעצטן קראַפט,
צאַפּלענדיק ווי אַ געקוילעט עוף,
צו דער צעפּע זיך געווענדט:
— כ'וויל אייך עפּעס פרעגן, טאָר איך?
פרעג! — ענפערט בייז די צעפּע, בייז,
וואָס מען 'שטערט איר אין דער מיט.

**די זאַנג**
וואָס האָב איך געזינדיקט, האַר,
וואָס איר קאַטעוועט מיך מיט אַזאַ אכזריות?"

אויף אַ רגע,
האָט דאָס קול די צעפּע אָפּגעשטעלט,
אָבער באַלד,
אויפסניי גענומען צו דער אַרבעט;
„ניט כדאַי
— האָט זי זיך געקלערט —
אָפּצושטעלן זיך צוליב אַ שטרוי".

האָט דאָס לעצטע קערנדל,
מיט לעצטע כוחות אויסגעשריגן:
„מ־ע־ר־ד־ע־ר!!".

דאס געשריי,
האט די צעפּע ווידער אפגעשטעלט א ווייל;
נאר ווידער באלד,
מיט נאך ווילדערן אימפּעט,
זיך געטון א ווארף
אויפן זאנג־סקעלעט,
ווי א שד
אויף א ניט־באוואכטן קימפּעטארן־בעט...

דאס קוראזשנע קערנדל
האט ניט אפּגעלאזט
און נאכאמאל געפרעגט:
„ווע־לעכס א־י־ז מ־י־י־ן ח־ט־א ??

**די צעפּע**

נו, איך זאג עס דיר:
מיין צארן קומט פון קנאה —
איך קען ניט מער פארטראגן
דעם שטענדיקן רעפרען:
„ברויט! ברויט! ברויט!"
צי אין תענוג
צי אין נויט
הערט מען מער ניט ווי נאר „ברויט" און „ברויט";
פון מיר רעדט קיינער ניט.
און טאמער ווער איך יא אמאל דערמאנט,
איז עס נאר לגנאי.
האב איך אלס פּראטעסט באשלאסן,
הורג'ן און קאטעווען אזוי
אז איך זאל איין פאר אלע מאל,
פּטור ווערן פון א פּלאג;
און איך וויל זען,

צי מען וועט נאך הערן
דעם געפעסטעטן רעפרען..."

פון א ווינקעלע,
דערהערט זיך א געשווישטשערל,
געלעכטערל
ווי ניט־צעטאפעט זאלץ
אין א טעלער זופ;
ווי פאלשע ציין
אין א מויל אן אלטס:
„כי־כי־כי־כי־כי!!
צעפע צאפ וואס ביסט!
— דאס האט א מייזעלע א קליינס
זיך אזוי צעשווישטשערלט —
איצטער מער ווי תמיד
וועט מען ס׳קערנדל לויבן
ביז צום הימל הייבן!
און ווייסטו האלצערנער קאפ
וועמען דאס וועט צו פארדאנקען זיין?
**דיר צעפע־זשלאב!...**
כי־כי־כי־כי־כי!!"

## דאס טייג און דאס וואלגערהאלץ

**דאס טייג**

אפשר קענסטו מיר
זאגן וואלגערהאלץ,
וואס עס מארדעוועט אזוי מיט דיר
די רציחה, הא?
טראכעסט, זעצט אין מיר אריין,
גלייך איך זאל דיין גרעסטער שונא זיין!

**דאס וואלגערהאלץ**

וואס!? רציחה?! איך!?
ביסט מיך חושד גאנץ אומזיסט.
גלייב מיר הייליק, טייער טייג — איך האב דיך דווקא ליב
און דיר איז אומעטיק און טריב...

**דאס טייג**

מאלטראטירסט דו מיך אזוי פאר ליבע גאר?

**דאס וואלגערהאלץ**

וואלטן די יסורים לייכטער דען געווען
ווען איך קלאפ דיך דעליקאט?
ווען איך מאך 'דערביי א חן?
איז ניט בעסער, זאג, א כמאל אין קאפ,
מיט אמאל פון מארק אראפ,
איידער שטענדיק צאפלען אין גסיסה? זאג אליין!

— איך בין בכלל ניט משיג דיינע רייד!! —
שפרינגט דאס טייג
שיער פון דער כלי ניט ארויס —
וועלכע איז מיין זינד,
וואס איך האב בכלל א שטראף פארדינט!!?

**דאס וואלגערהאלץ**

נארעלע
ווּ, אין וועלכער וועלט
און אין וועלכן יארהונדערט לעבסטו, טייג?

**דאס טייג**

אין דעם וואס דו!

**דאס וואלגערהאלץ**

דאס איז אמת, אבער ווי סע זעט
אויס,
האסטו קיין השגה ניט,
ווּ סע האלט
ערגעץ אין דער וועלט,
אז דו זוכסט א חטא
צו בארעכטיקן די שטראף;
לויטן נייעם שולחן־ערוך איז **אזוי** דער דין:
משפט'ן די פליג און ניט די **שפין**...

## פרייטער און גענעראל

(ליטעראַרישע פרייטערס אין שטאַמבוך).

1

ביים טויער פון אַרסענאַל,
אַ פרייטער שטייט,
(אַ פרייטער צי אַ קאַרפּאַראַל —
עגאַל).
אַרויף־אַראָפּ ער שפּאַנט,
די טריט געמאָסטענע,
די ברוסט געשטרעקט,
דאָס מויל הערמעטיש צוגעקלעמט,
די גדלות אין די אויגן, שרייט
אַז ציטערט יעדער פּאַדעם פונעם העמד:
צי ווייסט איר ווער ס'איז דער
וואָס שפּאַנט דאָ מיט אַ אָנגעלאָדענעם געווער?!
דער,
וואָס אין זיין האַנט
עס ליגט דער שוץ
פון פאָלק און לאַנד!

2

פאַרן טויער פונעם אַרסענאַל,
פאַרבייגייט שטראָם,
מיט פלינקע טריט —
אַן אויסגעדינטער גענעראַל.
פון שטערנדנאַ
— דער שטערן ריינער מאַרמאָר —
שטאַרן צוויי געשפּיצטע גזימסעלעך,
באַשירמענדיק
באַצוויקערט גרינע פלעמלעך.

דאס פנים — ראזע ריזנאפל —
זיך פארשפיצט מיט קעזנעם גאמעלקעלע.
נעמט שטראם אראפּ דער גענעראל
דעם הוט צום גרוס.
דער פּרייטער,
מיט א חוצפה'דיקן בליק,
באוועגט די האנט צום דאשיק־צו —
פון מיטן וועג זי כאפט צוריק.

אין גענעראל
עס פּלאצט די גאל:
**א פּרייטער אויף מיין גרוס ניט ענטפערט ?!**
ניט הייבן זאל די האנט געהעריק צום סאלוט ?!
אזוינעם דאַרף מען שטעלן צו דער וואנט!
און איך זאל שווייגן ?!
איך האב א לעבן־לאַנג געדינט
מיט שווייס און בלוט
פאר אונדזער הייליק פאטער־לאנד —
האב איך זיך דאס פארדינט ?!!!"

א בראנד האט זיך צעפלאקערט
אין די אויגן,
אינעם פנים.
— — — — — — — — — —
„ניין!
— טוט א קריץ ער מיט די ציין —
עס איז א חרפה פאר א פאטריאט
ביזיון פאר א מענטש מיט אידעאל —
צו לאזן א געפּרייטער־אידיאט
ניט סאלוטירן מיט רעספּעקט א גענעראל!
א ניין!
**דאס טאָר ניט זיין !!"**

ניט האלטנדיק פאר זיין אנער
זיך אויסצוטענה'ן מיט א ליאדע־ווער,
האט ער די קורצע פעסטע פיס
געשטעלט מיט גיכע־גיכע טריט,
א האנט צו פויסט פארקלעמט —
און לויפט צום קאמענדאנט,
חשבון נעמען פאר זיין כבוד
און נקמה פאר זיין שאנד.

3

די טענות אויסגעהערט,
האט אים דער קאמענדאנט
מיט מרה־שחורה'דיקן טאן געענפערט:
„יא,
האסט רעכט מיין פריינט;
איך פיל דיין הארץ,
פארשטיי דיין כעס —
נאר הער:
דאס איז קיין נייעס ניט,
אזוי געוועזן נעכטן,
זיין וועט מארגן,
איז אויך היינט:
בא די אחריות־פולסטע פאסטנס,
ביי דעם **קודש־קדשים** —
א געפרייטער שטייט...
און האט מען אים געשטעלט,
טא דאכט זיך אים:
אויף אים עס שטייט די וועלט.
ווי יענעם האן וואס האט געמיינט:
ווען ער וואלט ניט געקרייט,
וואלט קיינמאל מער די זון ניט אויפגעשיינט..."

# דער טאנק און דער פעלדזן
(משל־באלאדע)

מחוצף !
גולם !
— צערעוועט זיך דער טאנק צום פעלדזן —
פארוואס פארשטעלסטו מיר דעם וועג, מנוול ?!
מיר וואס כ׳גיי א מיסיע א דערהויבענע דערפולן !?"

דער פעלדזן, הערנדיק פון „מיסיע"
נאך דערצו „דערהויבענע" —
האט איבערגעפרעגט סטאטעטשנע :
„מיסיע ?! דהיינו ?"

**דער טאנק :**
ציוויליזאציע ברענג איך צו די ווילדע !
טעאטערס בויען, שולן ! —
צעוויעט ער זיך
אויס הונדערט פייער־שפייענדיקע פיסקעס —
דאס גאנצע פאלק דיינס האט א פנים
ווי א באנדע פון ציגיינער
זון־און־ליכטס פארביסענע שונאים !
ווייטיקט אונדז דאס הארץ פאר מיטלייד
און דאס פנים
ווערט אונדז רויט פאר שאנדע
וואס די נאענטסטע שכנים אונדזערע,
פארשטייען ניט צו אונטערשיידן צווישן גוט און שלעכט
צווישן גראב און איידל !
טרעט־זשע אפ פון וועג דו עזות־פנים !!
ניט געטראכט !
וואס גיכער !! שוין !!!

כל־זמן איך רעד מיט גוטן!
ווארט ניט ביז אין מיר צעזידן זיך די בלוטן!
ווייל דעמאלט וועל איך דיין געשטיין אויף שטויב צערייבן,
אז עס וועט קיין סלעך ניט בלייבן!!

**דער פעלדזן**

מיין פאלק א באנדע מיט ציגיינער?!
און דו א „מיסיע" האסט — „ציוויליזאציע?!"
שוטה איינער!
מיר,
א זקן פון ימי בראשית
ווילסט דערציילן בייקעס?
מיינסט,
עס איז דיין יחוס־בריוו פון מיר פארהוילן?
מיינסט,
עס איז מיר ניט דיין שטאם באקאנט
דיין עלטער־עלטער זיידע?!
מיר ווילסטו די ציין פארריידן?!!

**דער טאנק:**

פון וועמען רעדסטו?
וואסער זיידן?

**דער פעלדזן:**

איינעם האסטו בלויז געהאט — דעם אשמדאי!
אין מיינע ייגנט־צייטן
האט ער דעם געליבטן פון מיין מלכה
אין א מדבר ערגעצווו פארשלייַדערט
און אויף זיין טראן געזעצט זיך
— — — — — — — — — — —
און אצינדער

האט דערזעלבער אשמדאי אויך דיר געבאטן
צו פארטמאָן די נשמה־ריינקייט
פון מיינע קינדער..."
די ווערטער האבן אינעם טאנק
דעם כעס אזוי צעזאטן
אז ער האט מיט שלאנגען
אנגעהויבן שפייען,
**ווי א שניט־מאשין מיט זאנגען...**
— טר־רר — טרט־ט־ט־ט־טר־טרר־רר!!
אצינד וועסטו מיין כוח פילן!!
און מיר וועלן זען
צי ביסט אימשטאנד דו
ווידערשפעניקן מיין ווילן!!"

**דער פעלדזן** (מאיעסטעטיש):
מיין מלכה'ס ליבהאבער
האט דעמלט דיין געביטער
ווי א טמא שרץ
אונטער די הרי־חושך
א טלים געגעבן —
איך בין מעכטיקער פון אים
וועל איך אוודאי דיר אן עצה געבן!
און דא,
ביי מיינע פיס
וועסטו די יארן דיר אויסלעבן..."
— — — — — — — — — — —

דער טאנק געשוויגן האט ווי א **געפלעטער.**

צערוישט האט זיך דער וואלד
מיט זיינע בראשית־בלעטער;

צעהילעכט האבן זיך מיט אורקראפט,
**ווערדע,**

שטאלצע לייבן,
וואלקנהויכע בערג
און זשומענדיקע טייכן.
ס'איז דער גערויש,
געהילעך
און געזשום, —

**געוועזן א מוזיק,**
געמישט פון שירה,
**גבורה**
און געוויין:
„א־א־א־מ־־ן־־ !!!"

**1936**

# דער מלאך־המוות און די מעדיצינישע פאקולטעט

(משל־באלאדע)

ר־ו־ר־ר! הר־ר־ר־ר־!! הר־ו־ר־ו!!!
— צעהויעט זיך דער מלאך־המוות
לעהאי א חורבה פול מיט סאוועס.
די קאסע בלישטשעט,
די אויגן שפריצן הייסע סמאלע,
די ציינער קלינגען,
ווי רינגען
אויף הענט פון ארעסטאנטן.
(געלייגט פון זיינע אדיוטאנטן...)
דער פיסק — א גרוב פון מאסן־קברים,
ווי הארבסט־טאפאליעס — זיינע ארעמס.

די פאקולטעט, אויף א כזית איינגעשרומפן,
א קליינע שפארינקע, די טירן, —
מיט א פארדומפן,
דערשטיקטן קול אים פרעגט:

„וואס הערזשעסט דו אזוי דערשרעקלעך?
וואס האסטו עפעס
ארויסגעגלאצט אזעלכע מורא׳דיקע שלעפעס?

**דער מלאך המוות:**
עס איז די שאלונג פון טריאומף, פון אייביקן **נצחון!**

**די פאקולטעט**
מיט וואס דען?

**דער מלאך־המוות**
דער גרעסטער שונא מײַנער,
ביסטו געװעזן!
איך האב מיט דיר געפירט א קאמף אויף טויט און לעבן!
און הײַנט (הלוואי אויף תמיד)
דו ליגסט פאר מײַנע אויגן,
אײַנגעקארטשעט,
אײַנגעבויגן,
אז באלד װעט מען דיר, אונטער
דער נאז, א פעדער לײגן...
איז מיגלעך **ניט** צו לאכן?
**ניט** צו שפרינגען פאר גדולה,
פאר נצחון?!
װער נאך װי איך קען זיך דערלויבן אזא הילעד,
קען געבן אזא, הוליע!!??
הו־הו־ו־ר־ו! הו־ר־ר־ר־!!!"

דער פאקולטעט האט אנגעהויבן שװינדלען פאר די אויגן,
און שיער שיער האט זי אויף דער ערד זיך אויסגעצויגן...
— — — — — — — — —
אין דער לעצטער רגע אבער, ממש פארן לאזן די נשמה,
האט פארן פענצטער זיך א פידעלע צעװײנט,
װאס מער אלץ זיסער,
אלץ זענעפטיקער.

דער מלאך־המוות
װאס תחלה׳ס האט געמײנט עס איז בלויז א געטאװעס
און זיך געװאלט פונסנײ צעהערזשען —
צעשטשערעט זײַנע שװארצע צײנער,
צעכראסטעט זײַן קברים־מארדע,
נאר אנשטאט א געלעכטער,

ארויסגעדונערט א געוויין ער,
וויגלייך א הארדע
ברוינע חברה'ניקעס,
האבן פעלדזן־בערג צעריבן.
דערנאך איז ער אזוי צעשטשערעט און צעכראסטעט
שטיין געבליבן.

די סטרונעס רעדן וואס אמאל אלץ דאלטשער,
וואס אמאל אלץ טרייסטנדיקער.

דער מלאך־המוות וואקלט ווי א שכור
ווערט איינגעשרומפן
ביז ער ווערט ווי א כזית

— — — — — — — — —

דער פידל וואס האט אקארשט אויסגעיאמערט ברונעס טרויער,
האט אין א פריילעכס זיך א לאז געגעבן...

— — — — — — — — —

עס האט געזיגט דאס לעבן!!

# דאס קישן און די גאנדז

1

א שורה קישנס אויפן פלויט
עס גלעט דער ווינט.
פון איינעם טראטשעט זיך א צויט,
א צווייטעס האט א חתימה פון א קינד,
א דריטן
איז די הויט צעשניטן,
פונעם פערטן
זיך די אברים צעפלויגן,
א פיפטס
פון אן אינוואזיע האט געליטן,
דעם זעקסטן
א ציגאר האט אויסגעבערענט צוויי אויגן —
נאר אלע לעבן חבריש,
בנעימות,
ווי סע פאסט פאר ברידער און פאר שכנים
(זלזולים צי תרועמות
הערט נישט קיינער ניט פון קיינעם).

נאר איינס דארט קוקט אראפ מיט גאווה:
„צו מיר קיין פאר איז ניט פאראנען!"
און שטראצט זיך שטענדיק ווי א פאווע
ניט האבנדיק מיט **יענע** וואס צו טענה'ן.

2

דאס דאזיקע זיך־בלאזן,
האט באמערקט די גאנדז.
פארזשמורעט זי אן אויג,
פארשארצט א פוס

און שטייט און טראכט:
ווער איז דאס וואס בלאזט זיך אזוי האפערדיק!?
זי קנייטשט דעם מוח,
קלערט,
דאס צווייטע אויג פארזשמורעט
— — — — — — — — — —
אז זי גיט זיך מיט אמאל
צעגאגע אויף א קול:
„חבריה!
הערט!
א לאנגע צייט שוין זינט איך בויער מיר דעם קאפ,
ווער איז דאס וואס האלט זיך אזוי גרויס,
וואס היט זיך
ניט באגעגענען א שכנס בליק,
עס קען חלילה קאסטן אים א ניק!?
„גא־גא־גא־גא —
ווער איז דאס?!"

ווי אפגערעדט,
און ניט געווארט אויף א קאמאנדע,
אויף א רמז —
באפאלט די גאנצע חברה ס'קישן,
רייסט
און ציפט
און ממיתט,
הייבט שוין אן די בעבעכעס ארויסצוטרענען
(באלד וועט מען אפילו ניט דערקענען
אז עס איז אמאל געווען) —
שטרענגט עס אן די לעצטע כוחות,
און עס ווענדט זיך צו דער חברה מיט דער גאנדז בראש:

,,היתכן ? גאט מיט אייך ! פארוואס !
פארוועז !
פאר וועלכן חטא ? ...
— עס וויינט מיט אונטערטעניקייט
און מיט געבעט.

— דו פרעגסט נאך ?!
— צעסיטשעט זיך די גאנדז מיט ברען —
קוק נאר אן די קינדערלעך !
מיט זייער לעצטן העמד
האסטו דעם בויך דיר אויסגעשטאפט !
און וועט זיי גאט א נייעס שענקען,
וועט עס אלץ פאר דיינעטוועגן זיין !
ניין !
ניין !
גענוג !
אצינד — אן עק !
אויף אייביק נעמט אן עק !
איך בין א מאמע !
איך וועל אויס מיין קינד ניט לאזן מער קיין חוזק מאכן !
ניין !!!
פון איצטער אן — אן עק !
אויף אייביק שוין.
אויף שטענדיק !״

3

און ווען דאס צווייטע יאר
מען האט די קינדער ווידער אויפן הויף ארויסגעלאזט
צו שאנד און שפאט
און אויפן פלויט געבלאזן זיך דאס קישן
האפערדיקער ווי פאריאר —

האט שוין די אלטע גאר ניט מער געֿטענה׳ט,
האט דעם שנאבל אין די פעדערן ארייַנגעבויערט,
אויפֿן גורל פֿון די קינדערלעך געטרויערט,
און געטראַכט:
ס׳איז ווייניק מיר, דער צער
זיך מאַכן נאָך צום נאַר...
— — — — — — — —

# דאס ליד און דער רעגנטראפן

„מעין המחשבה ומקור שיר וזמר —
בבטן המלאה" (יל"ג).
(דער קוואל פון געדאנק און פון געזאנג —
אין פולן בויך).

— היתכן?
— צשרייט דאס ליד זיך
צום רעגנטראפן,
ארויפגעפאלן
אויף דעם פאפיר,
און שיער
א תל געמאכט אויס איידלסטע רעיונות —
איך וויל דער וועלט דאך שיינקייט ברענגען;
דאס מיין לוין איז?
האסט דאך געקענט א קאפ אין לופט נאך הענגען!
צי האסטו א השגה וויפל צייט און מי עס ווערט פארלוירן
ביז מען דערלעבט צו זען א ליד געבוירן?
און חוצדעם —
מיט וואסער רעכט קומסטו דער וועלט א שיינקייט רויבן?!"

— שוין פארטיק? אויסגעשריגן?
— האט איצט דער טראפן אנגעהויבן —
מעג איך מיר אויך אווארט דערלויבן?

**דאס ליד**
דו האסט נאך וואס צו זאגן?"
(דערווייל א רעגן ווי מיט צעפעס
א נעם געטון זיך שמייסן,
ברומען,
און פעלד דערפרישט זיך האט דעם גומען).

**דער טראַפּן**

א וואָרט בלויז, כ׳בעט דיך איבער,
ס׳איז אמת: שיינקייט, א סובלימע זאַך איז,
וואָס מער, וואָס מער נאָר שיינקייט —
נאָר טײלמאָל איז עס שטעכנדיקער נחת:
ווען ס׳קאַרטשעט זיך דער מאָגן נאָך א ביסן,
באַליידיקסטו דאָס אויג ווען גיסט אים שיינקייט צו געניסן...
דורכדעמזשע ליבער פריינט, הער אויס מיין רעיון:
דעם וועג מוזט תמיד דו פאַר מיר באַפרייען...

# דער סטאַליער און דאָס ברעט

**דער סטאַליער**

ביז איצט ביסטו געווען אַ גאַרנישט,
פֿון אַצינדערט אָן,
וועסטו דער גרעסטער תּענוג זײַן,
אין קלענסטן בײַדל ווי און הערלעכסטן פּאַלעי...

**דאָס ברעט**

איך זע,
דײַן מײַן איז ערלעך,
דו ווילסט פֿון גאַרניט מאַכן עפּעס ;
דערפֿאַר אַ גרויסן יישר־כּוח ;
אָבער,
הער אויס, איך בעט דיך, מײַן פֿאַרלאַנג.

**דער סטאַליער**

דער איז ?

**דאָס ברעט**

לאָז מיך ווי איך בין.

**דער סטאַליער**

דו ביסט אַראָפּ פֿון זינען !
אַנשטאָט דאַנק,
וואַרפֿסטו אַוועק מײַן אָנגעבאָט ?!
דאָס איז מער ווי חוצפּה, דאָס איז שטות !
עס וועט דיר אָבער גאָר ניט העלפֿן,
ווו עס איז די רייד פֿון העכערן מדרגות,
איז דער יושרדיקסטער וועג :
טון !
און וואַרטן אויף רשות.

**דאס ברעט**

דערבארעמדיקער מייסטער
אויב דו האסט באמת בלויז דאס גוטע אין זין,
איז קודם מיין אנטפלעקטן סוד צעקיי,
דערנאך וועסט זען צי ס'איז כדאי:
אין „תענוג" וואס דו ווילסט דער וועלט פארשאפן,
מאכנדיק אויס מיר א בעט —
איז הויפט רעגענט ניט מלכות־שדי
נייערט מלכות שד...

# „אולי יחוס" און דער שופר

— אולי י־חוס עם עני וא־ביון או־לי יר־חם־"
רחמים בעט דער חזן,
ס׳קהל,
און די ווייבער
ברעכן אויף די שערי דמעות,
פאלן צו די פיס דעם הימל־שרייבער:
„שרייב מיר אן צום לע־בן טאטע זיסער,
מי־ער און מיין האו־עז...".

שפרינגט ארויס דער שופר אויסן ארון קודש:
„תקיעה. תרוע־עה!!
ניט מיט וויינען ברענגען וועט איר די ישועה!
תקי־עה!! תרו־־עה!!!"
**אולי יחוס** (ווישט זיך אפ די טרערן):
טויב מען קען דאך ווערן!
אזא שייגעץ, עזות־פנים!
מאכט אזא געפילדער,
מיך מען קען שוין כלל ניט הערן!!

**דער שופר**
תרו־רו־רו־עה!!!
— רוישט ער שטארקער,
העכער,
אין די מוחות,
אין די הערצער
זאלן ווערן לעכער —
ס׳גרעסטע אומגליק ביסט פון תמיד דו געוועזן!
שוואכע האבן אפעלירט צו דיר לעהאי צום גרעסטן בית־דין,
גלויבנדיק אז שרייען,
בעטן,
וויינען,

ווען דאס פעלדזנהארץ פון שטארקע ווייכער מאכן —
פוסטע זאכן!
תרו—עה!!!
קוקט אייך אום:
ווּ דאס אויער
וואס פארנעמט געוויין,
געבעטן?
ווּ ,דאס הארץ וואס אפן איז פאר אייער טרויער?
ווּ? אין ערגעץ **ניט!** ניטא אזעלעכס!
קייגן כוח — **כוח!**
**און ר'איז דא!!** מען דארף בלויז ווען
מיט מסירות־נפש זיך אקייגנשטעלן!
ת ר ו ע ה!
תרו־־־עה!!
תרו־־ו־־־עה!!!
דא ליגט די רפואה!!

# דאס וואסער און דער גוף

**דאס וואסער**

זע־זשע ווער דו ביסט:
נעמסט מיך, ריינעם טוי
מאכסט מיך אשיק־גרוי —
דאן מיך אויסגיסט אויפן מיסט;
ווּ איז יושר?
ווּ איז זיטע?

**דער גוף**

איך דעמזעלבן סוף וועל האבן,
גאנץ געגוי.

**דאס וואסער**

איז דיר רעכט אזוי?

**דער גוף**

יא.
איך באטראכט'ס ניט פאר קיין שטראף,
מיר איז עס א פשיטא.

**דאס וואסער**

וועלעכס איז דער שכל?

**דער גוף**

אלצדינג אן אן אונטערשייד,
א רינג איז אין א קייט
צי שרייפעלע אין א מאשין;
האט דאס שרייפעלע זיין דינסט געטון
און ס'טויג ניט מער —
ניט פארלירן ס'דארף קיין טרער,
ווען מען האט עס פון קאמפלעקס עלימינירט:
אז עס ברענגט ניט מער קיין נוצן דער מאשין,
עגזיסטענץ־בארעכטיגונג פארלירט...

## די פריזור און דער קאם

א יישר־כוח קאם!
א דאנק דיין מי צעבלי איך ווי א יונגער כוואט,
און אז איך שטעל זיך פארן שפיגל,
ווער איך גאר ניט זאט.
נאר זאג מיר, כ׳בעט דיך זיי ניט בייז,
איז דען ניט מעגלעך דאס צו טון,
און צו רייסן שטיקער?!

**דער קאם**

ניין.
— און שטעקט מאסיווער נאך אריין די ציין —

**די פריזור**

פארוואס?
לאמעך אויך פארשטיין!

**דער קאם**

וייל,
שמוץ פארטיליקן —
וואס שטארקער דעסטא בעסער,
דעסטא יושרדיקער...

# דער מאגן און די הויט

(כמו־משל)

„איך האלט עס מער ניט אויס!
די ווענטלעך מיינע קלעבן אקארשט זיך צענויף!
באווייז מיר דיין גענאד,
באשמיר זיך גיכער מיט דער זאלב
און מאך דיר שוין א באד!"

אזוי גע׳טענה׳ט האט דער מאגן
צו דער הויט דער קרעציקער,
פון דער ישול אהיים געשיקטער.

**די הויט**

מארגן.

**דער מאגן**

ווידער מארגן?
וויפל וואכן דארף זיך דאס א מארגן ציען?
ווען וועט שוין דער **אמתדיקער** מארגן קומען?
אמת,
זאט בין איך אויס דער קאנטינע אויכעט,
קיינמאל ניט געקומען,
אבער בעסער
ווי זיך נערן בלויז מיט סלינע!"

„הערסטו וואס דער מאגן טענה׳ט,
ווײנט,
הושענא׳ט?"

ווענדט די הויט זיך צום באלבאס,
א ייִנגעלע מיט לאנגע הענגענדיקע באקן
קאפ אראפגעבויגן,

און מיט פּיפּלאַקסענעם טרויער
אין די שטענדיק ברייט צעפּראַלטע אויגן.

**דאָס יינגל**

וואָזשע זאָל איך טון?

**די הויט**

זאָג דעם טאַטן.

**דאָס יינגל**

ווי־ קען־ איך?־

**די הויט**

מוזט!
אַז ניט
מיר וועלן אַלע באַלד ביי מאַמען רוען..."
— טאַטע!
— פאַלט דאָס יינגעלע אַריין אין פּאַטערס שויס,
דערציילט די טענות הויט'ס,
אין שליחות פונעם מאַגן.

**דער טאַטע**

קינד־־ מיינס־־
זאָג־־ דער־־ הויט־־
זי־־ זאָל־־ זיך־־ בעטן־־ ביי־־ דעם־־ מאַגן־־
ער זאָל־־ אויסהאַלטן־־ אַ וואָך נאָך־־
העכסטנס־־ צוויי־־
און אפשר וועט־־ גאַר־־ קומען־־ די ישועה־־
איידער עס וועט־־ אָנהויבן־־ צו טאָגן,
דו זאָלסט־־ טייער קינד מיינס־־
כאָטש־־ דעם ערשטן קדיש־־ קענען זאָגן־־

## דאס לעכטל, די גמרא און דער שטענדער

**דאס לעכטל צו דער גמרא**

שוין פופצן הונדערט יאר,
די אותיות דיינע איך באלויכט.
עס גייט א דור, עס קומט א דור —
ניט איינס האט די נשמה אויסגעהויכט
די „שווארצע שטערנדלעך" צוליב,
ניט איינס האט זיך אליין, מיט „שמע־אחד"
אויף זיינע ליפן, א גרוב געגראבן און דאביי נאך, גאט
געדאנקט פאר אט דעם גליק...
— און איך,
נאך אלץ ניט ווייס
צו וואס דו נוצט און ווער דו ביסט".

גמרא מאכט א פנים, ערנסט,
בייז,
און רעדט בכובד־ראש,
מיט ווערדע:
„דו ווייסט ניט ווער איך בין ?
איך — בין ליכט !

**דער שטענדער**

(פארנייגט זיך מיט דרך־ארץ
און שעפטשעט שטיל, כמעט בסוד) :
„גמרא טייערע !
דו האסט מיך יארן, יארנלאנג
פון שלאף געוועקט.
אין משך פון די צייטן האב געזען :
צוליב דיין ליכט איז אויפן עשאפאט א דור א גאנץ
— פארשיכורט פון אהבה־טראנק —

געגאנגען ווי צום טאנץ.
נאר איך,
אנטשולדיק מיר, דיין פיסנטיש, די חוצפה,
איך — איך מיין ־־
אז אויב עס איז אין דיר אמאל א ים פון ליכט געווען,
איז היינט דערפון געבליבן קוים א טראפ...
און כ'ווייס ניט — צי עס איז כדאי,
צו הייבן גאווה'דיק דעם קאפ,
צוליב א ליכט וואס איז פארביי...

# עננו, במוצאי מנוחה, און די סליחה

**עננו צו דער סליחה**
סליחה קרוין! פארוואס ביסטו אזוי
אומגערעכט!
דו וואס ווילסט אן אנדערן
לערנען אפצוקערן זיך פון שלעכטס?
**איך** בין דיין יסוד!
**טעגלעך** מליץ־יושר בין פאר גאט —
האסטו מיך געשטעלט אין סאמע זייט, מיט אותיות,
קערנדלעך פון מאן,
און במוצאי־מנוחה׳ן וואס מיט אים דו קערסט זיך אן
איבער גאר
איינאונאיינציק מאל אין יאר,
אים האסטו געמאכט א ווארע,
אויבנאן,
און אותיות — איעדעס ווי א באבע גרויס;
דאס דער שכר? בין **דאס** איך ווערט?״

במוצאי האט געהערט
עננו׳ס טענות, האט ער זיך צעגוידערט אויף
זיבן בערד:
„פערד!
— האט געטון ער א געשריי —
זע נאך זע
ווער סע קומט דא מיט א פתחון־פה!
וואס מיר שאלות?
ווער מיר ווערט?
יעדער ווו מען שטעלט אים דארט אהין געהערט!״

— שטיי שטיי!
— גיט די סליחה אים דאס פנים א פארפאטש —

הייסט עס, ס'קומט נאך **דיר** ארויס!?
ווייסן זיי:
דאס וואס דו ביסט אויבנאן,
איז א טעות בלויז;
ניט ווייל דו פארדינסט זיין רייטער, ער דיין פערד —
ווייל — איך זאג עס דיר בסוד —
על־פי יושר, האט ־־
טאקע דארפן זיין פארקערט...

# דאס גראז און דער אקס

**דאס גראז**

ווער האט דיר דאס רעכט געגעבן

מיר דאס חיות אצפּועקן ?

**דער אקס**

מיין לעבן.

**דאס גראז**

ווו איז יושר ?

**דער אקס**

לעבן, זוכט בלויז שעת־הכּושר.

און חוצדעם : וואס איז דא אזא מאלער ?

א דאנק דיין טויט, וועט דאך א נייי

און **שענער** לעבן שפּראצן ! איז ,דער קרבן ניט כּדאי ?

**דאס גראז**

צוליב א שענער לעבן

וואלט איך מיינס געגעבן גערן

— כאטש עס איז א גאב א בלוטיקע,

א גאב מיט טרערן —

נאר וויי און אך דעם „שיינעם" לעבן

— זיפצט דאס גראז מיט טיפער טרויער —

וואס אקסן זענען זיינע בויער . . .

# די לבנה און דער טייך

רייט דער טייך אויף דער לבנה,
רייט און אין די אויערן ער שרייט:

„זעסט איך שפרינג שיער אויס דער **הויט,**
זעסט עס שוימען מיר די ליפן
ווי א כלב א משוגענעמס —
און דו,
ק־ר־י־ם ז־י־ך ר־י־ר־סט,
באוועגסט זיך מאיעסטעטיש
ווי דער ריזשינער ביי שמונה־עשרה;
איז אין דיר קיין לעבנס־נערוו ניטא?

לבנה אויסגעהערט,
געשמייכלט,
ארויפגעקאטשעט
די גאלדפארדירטע ברעמען,
און מיט מעשענעם טענאר געענפערט:

„דאס איז די אומרו פונעם שטרעבן
צו גרויס און גרעסער;
ביסט קיינמאל ניט צופרידן מיט **דעם** שוין **דערגרייכטן.**
לויף־זשע! לויף אלץ ווילדער,
**ווייטער,**
ווי אויף א צעפלאשעט פערד א רייטער,
ביז —
ביז דעם קאפ וועסט ברעכן
אדער אפאגיי דערגרייכן.
און זיי ווייסן:
טוסט עס ניט ווייל **ווילסט** אזוי;

דו טוסט עס
ווייל דו **קענסט** ניט אנדערש.
איך —
באשאפן בין געווארן,
**סטאטיש** אויסצולעבן זיך די יארן.
ווי ביי דיר,
קען אויך ביי מיר ניט העלפן רצון.
גיי איך מיר סטאטעטשנע
אין מיטן ברויזנדיקן שטראם —
כ׳דערהויב זיך ניט צום הימל,
און נידער ניט אין תהום...

# דער הונט און דער טייך

אויפן ברעג פון שוימענדיקן טייך דעם טיפן
וואס טראגט אויף זיינע ברייטע פלייצעס שווערע שיפן,
שטייט אן אפגעזעגנגטער וואלף־הונט און יללה׳ט.

**דער טייך**

וואס וויינסטו אזוי ביטער, שכן?
וואס איז דיר דאס הארץ אזוי צעבראכן?
דאכט זיך מיר עס איז ביי דיר דאס ערשטע מאל אין **לעבן**!

**דער הונט**

האו־ר־ר־ו! האו־ר־ר־ו!
איז מעגלעך **ניט** צו וויינען? האו־או־ר־ו!
איך־האב־שוין־מער־קיין־היים ניט־־;
איך־ **פארשטייי גוט**, א־י־ך! איך וואס האב געערוט, בלויז
אויף באקישנטע דיוואנעס,
(איך געהער דאך ניט צו יענע וואס זיך וואלגערן אויף די
**מאידאנעס**!)

אויף פלושענע דיוואנעס,
אויסגעשטיקטע קישנס,
**איך**, וועמעס פעלץ קיין רעגנטראפן,
קיין בלאטע־שפריץ
האט קיינמאל ניט פארקויטיקט —
**איך** וועל זיין פון איצטער אן געגנויטיקט
אויף די גאסן זיך ארומצובלאנקען,
א מקום־מנוחה זוכן ערגיץ אונטער פלויטן
אדער גאר אין מיטן פארוועג;
איז מעגלעך **ניט** צו וויינען?
האו־ר־ר־ר־ו!

**דער טייך**

טרייסט זיך, וועסט ניט זיין קיין **יחיד**.

**דער הונט**

האו!! איך וואס האב כמעט מיט קיינעם ניט געגריסט זיך,
זעלטן אויף א גרוס געענפרט,
זאל איצטער זיין א פריינד מיט אלע שלעפערס!!??
איך וואס האב פון ביינער,
פון שריים־פלייש געמיאוסט זיך,
האב געגעסן אין באלבאסטעס טעלער —
זאל אצינד ארומגיין טעג און וואכן,
ניוכען,
זיך דערהאלטן ס׳חיות
מיט א מיסטנקנאכן?
איך?!! איך?!!! האו־ר־־־ו!!!

**דער טייך**

קיין מאלער; דו ועסט ניט זיין קיין יחיד.

**דער הונט**

געוואלד! ווי קען מען זיין אזא טיראן,
אזא מרושע!?
ווי האט מען ניט קיין טראפן **בושה**!!?
זעסט איך האלט ביי גסיסה,
די הויט ווי אפגעשונדן,
איך פלאץ שיער פאר יסורים —
„טרייסט" דו מיך מיט ווערטער „זיסע!"
שיטסט נאך זאלץ אויף מיינע ווונדן!
האו־־ר־־ר־־ו!! וואסארע מיאוסע וועלט, וואסארע **מיאוסע**!!

**דער טייך**

עס וואלט כדאי געווען צו לאכן
זיך אזוי צעלאכן
ווי סע האט געלאכט די נאכט דאס פייער.

אויס דיין הײם
און אויס דיין הארס תקיפות...

**דער הונט**

אויס מײַנע צרות לאכן?!
לאכן אויס די צרות פון א צווייטן?!
דאס איז א חריפות!?!?

**דער טײַך**

אויס דײַנע צרות, — מיטן פולן מויל:
כא־כא־כא־כא־כא־כא־כא־כא־כא־כא!!
איך האב דערויף געווארט,
געבעטן.

**דער הונט**

האו! האו! האו! האו! האו!
דו רשע להכעיס!
האב איך דיר אמאל געטון א רעה?!
א טראפן וואסער כאטש, ביי דיר גענומען
צו דערפרישן זיך דעם גומען?!

**דער טײַך**

דערפאר דערפאר!
זאלסט נאר ניט אורזאך מיט עפעקט פארבייטן!

**דער הונט**

א טרוקעניש זאל דיך באפאלן!
א פייער פון גיהינום דיך פארצערן!
איך
טאפע זיך אין טרערן,
גיי אויס פאר בושה און פאר ווייטיק —

און ער זיך גוידערט ווי א פעע
און האלט מיר פילאזאפישע און מוסר־דרשות!
א **שרפה** קומען זאל אויף דיינע טרפה'נע געדערים!!
אין **חרם**
אזא אויסוורף לייגן!
אלע וועגן אים **פארשטעלן**
ער זאל קיינמאל מער ניט קענען פון א צווייטנס **צרות קוועלן**!
— — — — — — — — — — — — —
נאר לאמעד רעכט צעקייען
— האט ער דעם קאפ אראפגעהאנגען —
דעם מכלומרשט טיפן רעיון:
הייסט עס־־ ווייל־־ איך האב דיר **ניט** געטון קיין ליידעס,
ווילסטו מיר עס דווקא יא טון?!
דאס האסטו געמיינט?

—ניין ניין!
ניט דאס איז מיין כוונה
— פארקנייטשט אין טויזנט קנייטשן,
קנייטשעלעך,
דער טייך זיין פנים —

— וואס דען?
צערעווע 'שוין דיין מארדע!!
— צעווערעסקעט זיך דער הונט מיט א **ירגזון,**
נאר אין טייך אריינצופרינגען
אים א טויטן לאזן.

**דער טייך**
אן געפילדער
אן געשריי.
דו האסט תרועומות,

הלמאי איך פריי זיך מיט דיין אומגליק.
הגם דו האסט מיך ניט מחסר געווען
מיט קיין טראפן וואסער.

**דער הונט**
נו טאקע!

**דער טייך**
הער אויס!
ניט איינמאל האט געקארטשעט זיך אין מיר דאס איינגעווייד
בעת האסט אויסגעדרייט דעם קאפ מיט עקל
ווען די ברידער, דיינע האבן זיך מיט מיר דעם דורשט געשטילט.
זיי זיינען טעג און נעכט ארומגעלאפן,
א **ביין** געזוכט און זעלטן ווען געטראפן,
און האבן זיי, פון הונגער־נויט געטריבן,
די שוועל פון דיין נגידיש הויף באטראטן,
פון **הפקר** צו געניסן —
האסט דו דעם האלדז דיר שיער איינגעריסן.
— — איך, דאס זעענדיק, בין אקארשט אויס די כלים
ארויסגעשפרונגען
(עס האט קיין סך געפעלט,
אויף דיר און דיינע בעלי־בתים
זאל פון לאנג שוין שטיין א צלם...).

**דער הונט**
ביסט דו דער צדיק וואס זיך אננעמט זייער קריוודע?
— גע־וויס א־זוי א־וו־דאי
א־וו־דאי!
—— צעציט דער טייך א לאנגן,
שטאלצן
ענפער —

פארוואס בין איך דען אזוי ברודיק?
מיינסט פון געבוירן?
חלילה!
מיך האט גאט באשאפן ריין קריסטאל!
אבער אויף מיין האלדז
האט ער ארויפגעלייגט א שרעקלעד שווערן עול.

**דער הונט**

דהיינו!?

**דער טייך**

צו רייניקן דעם וועלט־שמוץ
ווי אין יענע אלטע צייטן.
**און וועט די מאס זיך איבערפולן —**
**וועלן ניט מער זיין קיין איינער און קיין נולן!...**
**אלע אלע וועלן זיך אויסגלייכן —**
ווי דאס וואסער אין די טייכן!...

# דאס האלץ די מאשין און דאס פאפיער

ליגט אין הויף פון דער פאבריק א בארג מיט האלץ.
פילט דער בארג, ער ווערט אלץ קלענער,
קלענער.
הייבט ער אויף די אויגן זען די סיבה —
א מאשין, א ריז צעמאלט,
צערייבט
זיינע ביינער.
ווער ער ווייטער — טראכט ער — לאזן זיך פארשלינגען,
וועט קיין סלעד פון אים ניט בלייבן.
גורט ער אן זיך מיט קוראזש,
אויף א מינוט שטעלט אפ דעם שלינגער:
„חשובע מאשין!
איך בעט אייך זאגט מיר
וואס איז דאס מיט אייך?
איר שלינגט און שלינגט ווי א מגפה!
ווי בעת א שטורעם־ווינט — א שרפה!!

**די מאשין**

עס איז געבאטן, אלטרואיסט זיין,
גרייט זיך מקריבן צוליב א הויכן תכלית.

**דאס האלץ**

לייכט צו **הייסן** זיין א קרבן
און **אליין** זיך זעטיקן מיט חלב,
ווי א כלב וועלכער פרעדיקט וועגעטאריעריזם...

ווילסט מיר באנאמענען דעם תכלית
וועלכן צוליב דו פאדערסט אלטרואיזם?

**די מאשין**
פאפיער.

**דאס האלץ**
פאפיער ?!
פריער,
איידער דיינע ברידער האבן רוצחיש מיך פון לעבן אפגעשניטן,
איז דען ניט קיין גרעסערער געווען דער נוצן
וואס איך האב געבראכט ?

— דהיינו ?!
— פרעגט פארדרוסיק די מאשין —

**דאס האלץ**
קראנקע לונגען מיט געזונטקייט אנגעטרונקען,
בלייכע קינדער פארב געשאנקען
נע־ונד׳ניקעס אין מיינע שאטנס היים געפונען.

**די מאשין**
איבער אלע דאזיקע חסדים
שטייט פאפיער ;
העכער העכער אן א שיער.

**דאס האלץ**
וואלט מען כאטש דארויף געשריבן
ווי אין אלטער צייט :
„האב ליב ווי זיך דיין חבר !"
„וואס איז דיר ניט ליב, ניט טו קיין צווייטן !"
„צעברעך די סקלאוונקייטן !"
און כדומה הייליקייטן —
וואלט איעדער קרבן כדאי געווען.

— טר־ר־ראך ט־ר־ר־ראך טר־ר־ראך !
— צעלאכט זיך דער מאטאר,
לעהאי בעלאר ווען מען דערמאנט משיחן —
שווייג !
שווייג !
עס שטינקט מיט עיפוש !
זשאווער !
און עס נר־־דעט־־ נר־־דעט !!"
ווערט דעם האלץ פארקילט דער מארעך אין די גלידער,
דאך עס וואגט צו פרעגן :
„וואס האט דיך אזוי פארעקלט ?"

**די מאשין**

אין צייטן פון ראקעטן,
פון אטאמען,
פון שפאצירן אין פלאנעטן,
און באצווינגען טיפסטע תהומען —
רעדסטו פון אזוינע תמ׳עוואטע תורות !?
ווילסט די ציוויליזירטע וועלט
צוריקשטויסן מיט דורי־דורות !?
טראך־־ר־־ר־־ראך טא־־רא־־רא־־ראך !!"

דאס געלעכטער האט דערגרייכט ביז צום פאפיער
אונטער פרעס.
געלאסן,
ווערדיק,
האט עס זיך צום האלץ געווענדט :
„קיין יאוש !
זעסט א מיך ?
אט בין איך אונטן
אט העט אויבן,

און אזוי (דו מעגסט מיר גלויבן)
אלצדינג און איעדער:
שטענדיק,
שטענדיק,
דרייען זיך די רעדער..."

# מיין הינטל

איך האב א הינטל הייסט עס „טאטער".
צו קיינעם גאר ניט האט ער;
א פרעמדן מענטש באשמעקט ער,
א היימישן באלעקט ער.

די געמבע רייסט ער בלויז אויף קעצלעך,
געקומען ניט געזעצלעך
אין זיין רשות היחיד.

אמאל האט ער דערהערט, „ציגיינער"
(פון גיהינום פונק ער)
זיין שכן,
דעם גאנצן הויף צעזדראכעט.
געגעבן מיט אימפעט א שפרונג ער,
דאס טירל שיער ניט איינגעבראכן.

דערזען דעם שונא —
אין קאר געפילדער אויפגעהויבן,
פארציטערט האבן טירן,
שויבן.

✡

דאס קעצל אויפן פלויט,
הויבט אן צו לאכן און צו שפייען:
„אז איך בין אויבן,
קען איך מיט פארגעניגן אייך דערלויבן,
די לונגען אויסצושרייען...

# באזעצט געביט, שטיוול, קאץ און זקן

**דאס באזעצטע געביט**

הורא! הורא! הור־־־ררא!!! ווילקאמען ברודער! גואל!
מיר האבן זיך די אויגן אויסגעקוקט נאך דיר!
ווי האבן מיר די שוועסטער אונדזערע מקנא געווען!
זי האט זיך איר נשמה פונעם סאמע אורקוואל אנגעטרענקט,
און מיר,
אז אך און וויי איז אונדז!
געוועזן ווי א **קינד**
וואס ניט פארדינט זיך טוליען צו דער מאמעס ברוסט.

**דער שטיוול**

א,
איך האב געפילט געליבטע שוועסטער,
ווי עס ווערט דיין בלוט פארגליווערט פאר **נאסטאלגיע,**
ווי די קינדער דיינע ווערן אטראפירט
פון צופיל רו,
איצטער פילגעליבטע שוועסטער
ווערסטו פילן וואס עס הייסט געלעבט!
און זיי זיכער,
כל־זמן כוחות וועלן סטייען,
וועט מיין גנאד דיך ניט פארלאזן".



גייט פארביי א קאץ:
„מיאו־־מיאו־־ר־־מיאו־־אר־־ו!!"

שטיוול האט די קאץ דערקענט;
זי איז אים דעם וועג פארגאנגען,
ווען ער האט דעם ערשטן טראט געשטעלט.
טיגריש אויפגערעגט,

דער שטיוול פרעגט:
„ווער פארשטייט צו טייטשן דעם באטייט פון דער דערשיינונג?
פון דעם עקלדיקן קול?

יעדער האט פארשטאנען,
אבער קאשמאר האט איעדנס ברוסט דערשטיקט.

גייט פארביי א זקן,
אויף די אקסלען פלאקסענע לאקן,
אויף זיין אויסגעדארטן גוף א שנייאיקער כיטאן,
און אין מויל קיין צאן.

**דער שטיוול**
ווער פאר איינער ביסטו?

**דער זקן**
ווען איך וועל דיר זאגן,

וועסטו סיי־ווי־סיי ניט משיג זיין".
דער שטיוול האט פארקרומט די כאלעוועס
און מיט גרימעניש געפרעגט:
„אפשר ווייסטו וואס אט די דערשיינונג און דאס קול באטייטן"
און ער טוט דעם אלטנס קלייד א קוש.

**דער זקן**
ניטע! ניט באפלעק מיין ווייס לבוש!
— וואס?
— צשרייט דער שטיוול זיך מיט באז —

**די קאץ**
מיאו — מיאו — מיאו—"

דער שטיוול האט געטון א שפרונג דריי טראט צוריק,
געפאלן צו דער ערד,
געבעטן און געוויינט:
„זאג מיר וואס די בעסטיע האט געמיינט?"

**דער זקן**

אין איר „מיאו" האב איך געהערט
די נבואה פונעם יידישן פראפעט:
„פאסטוך נארישער!
האסט דיין האנט באוואפנט מיט א שווערט —
אויסגעטרוקנט ווערן וועט דיין ארעם,
פינצטער וועט דיר ווערן ס'רעכטע אויג!"

דאס האב איך געהערט;
דער באטייט —
א פראגע בלויז פון צייט...

# לוקס־מטה און פראלעטארישע־מטה

(א פארנימשלט משל)

1

**(לוקס־מטה** (פארעט זיך)

„נאר? ווי דען? פאר דאמנו פעטמאן וועט מען נעמען **דיך**".

**פראלעטאריער־מטה**

וואסערע מיוחס איז ער דאס?

**ל. מ.**

קלייניקייט? ניטא דאך איין
אינסטיטוציע אין שטאט וו ער זיל ניט געוועזן זיין
ערנפרעזידענט? מ׳גיט דאך ניט כיבודים אמעזיסט?

**פ. מ.**

זיכער זיכער. איך בין זיך משער
וויפל געלד
עס האבן אפגעקאסט אים
אלע די וואס האבן אים אן שפיץ געשטעלט.

**ל. מ.**

חס ושלום! געלד!? דאס ניט. און דאס איז אייגנטליך
א באגאטעל;

איינער ווי דער דאמנו פעטמאן,
ווען ער האט זיין **נאמען** בלויז געשטעלט,
האט מיט אים געקלונגען שוין א האלבע וועלט.

.2

**ל. מ.**

איך פארשטיי דיך ניט, דו האסט דאך היינט צו טון!

**פ. מ.**

וואס איז?

**ל. מ.**

ווייסט דען ניט אז דארפסט פארזארגן קרומען זאדעוואסערניק?
— יא, איך ווייס עס, נו, איז וואס? — איר ענטפערט
פּראלעטאריענע צוריק —
— דארפסט זיך צוגרייטן!
— עס איז ניט דער דאמנו פעטמאן!
ער וואס האטביים לעבן אפגענארט די וועלט,
האט אויך צו דער לוויה
שבחים און פארוויינטע אויגן זיך באשטעלט...
**מיין** קליענט,
וואס האט געלעבט פון דעם וואס האט פארדינט מיט אייגענע
הענט,
און פון דעם ביסל, האט געהאלפן ווו ער האט געקענט —
ניט נייטיקט זיך אין פאלשן גלאנץ;
ער האט שבחים **ניט** באשטעלטע,
טרערן **ניט** באצאלטע,
פון אזויפיל און אזויפיל
וועלכע ער האט אין שפעטע אוונט־שעהן
מיט זיין ווארט געהיילט
און מיט זיין ברויט געטיילט...

# נאבלס נשמה

(משל־באלאדע)

אין א צעשויבערטן עקליפסעדיקן מארגנדעמער,
האט זיך באוויזן אין גן־עדן אכרזיאל
און צוגעגאנגען צום באלעמער.

די אלע, ליכט־באהילטע,
נימב־באקרוינטע,
מיט סעודות פון לויתן,
אונטערהאלטונגען דורך גלאדיאטארן,
געווינטע —
צעשטראלט זיך האבן, אים דערזעענדיק:
„דער בורא — האבן זיי געטראכט זיך —
האט שוין א נייעם נחת־רוח פאר אונדזערטוועגן אויסגעפונען;
אבאלד זיך וועלן דא צעלויכטן נייננאונניינציק זונען,
און פונעם כסא־הכבוד־ברונען
א שפע מיט תענוגים אונדז פארפלייצן".

מיט שטארקער נייגיר שפיצן זיי די אויערן,
און פון גדולה
כאפן אן דעם שור־הבר ביי זיינע הערנער
און זיך מיט אים אין א דבקות־טאנץ צעהוליען
ארום באלעמער.
אין אלע הימלען זיך צעקלינגט א גליענדיקער זמר:
„דעם טאטנס קינדער, אונדזער טאטנס אויסדערוויילטע קינדער
זעמער".

דער מלאך האט זיי ניט געשטערט דאס פארגעניגן.

דער ריקוד זיך געענדיקט,

אלע אויף די הערנער שור־הבר׳ס זיך אויסגעזעצט אין
א קרומקיילעכדיקע שורה,
און מלא־פרייד געוואַרט שוין אויף דער בשורה.
נאָר פלוצים זייער שמחה זיך פאַרקלויצעט:
די זוניק־קלאָרע הויט פון מלאכ׳ס פּנים,
זיך האָט פאַרצויגן מיט אַ אַשיק־גרויע כמאַרע;
די שטאַלנע בליקן זיינע האָבן אַלע דורכעבויערט,
און אויף דער העלקייט פון גן־עדן
האָט אַן עצבות־באַרג געהויערט.

איעדנס האַרץ האָט אָנגעהויבן צאַפּלען,
ביי מאַנכן העפּטיקער, ביי מאַנכן שוואַכער — לויט דערגרייכטע
שטאַפּלען...

נאָר מער פון אַלע —
געציטערט איין נשמה פאַר דעם דין־של־מעלה.
באַמערקט האָט אכרזיאל:
„נאָך דיר געשיקט מיך האָט אַב־בית־דין";
מיט ציטערדיקע קניען, שטאַלפּערט די נשמה נאָכן מלאך.



דער בית־דין־היכל אויסגעצירט מיט ווייסע ליליען
און שוואַרצע סמאַלע;
די ערשטע זענען דעם בעל־דין מקבל־פּנים מיט „אל־מלא",
די צווייטע שטויסן אויס אַ קללה,

**דער אב בית־דין**

ווי האָט מען דיך אויף יענער וועלט גערופן?

**די נשמה**

אַלפרעד נאָבל.

**דער אבּ״ד**

וואָס האָסטו אויפגעטון אויף יענעם עולם?

**די נשמה**

איך האב דעם מענטש א ווערק געגעבן,
אים צו פארלייכטערן דאס לעבן
— דאס לעבן !?
— גיט א געשריי דער שטן —
— דאס לעבן !!? — טוט דאס צווייטע מאל א ווערעסקע דער בעל־דבר

מיט שוימענדיקן כעס —
דו האסט די העזה נאך פון **לעבן** גאר צו רעדן !!?

**דער אב״ד צו דער נשמה**

און דו וואס האסט דערויף צו זאגן ?

**די נשמה**

איך ווייס ניט פון קיין חלום,
פון קיין פתרון ;
אויף שטנ׳ס רייד ניטא זיך צו פארלאזן,
אז ער זאגט וועלדער זענען גראזן...
— דו מאכסט מיך נאך צום ליגנער !?
— צעשרייט דער שטן זיך מיט א ירגזון —

**די נשמה צום אב״ד**

איך בעט דערלויבעניש אראפ צו נידערן צו זען וואס טוט זיך דארטן.

**דער שטן**

איך מיט ! אים ווייזן ווער עס איז דער שקרן !
— — — — — — — — — — — — —



— ווער ביסט דו ? — פרעגט דער דינאמיט צעגרימיקט,
דערזעענדיק אלץ מער און מערער א געשטאלט גענענען,

מיט שווארצע פלעקן אויפן ווייסן קיטל —
„ניט גענטערן זיך צו די צוימען!!"
און שוין איז גרייט אים אפצורוימען.

**די נשמה**

— מיין קינד!

מיין חלום!

דער דינאמיט דערהערט די ווערטער
א שפרונג געטון צוריק, זיך בעסער איינצוקוקן

— — — — — — — — — — — — —

— מיין טאטע!"

און פאלן אויפן האלדז באגערט ער.
טוט שנעל א שפרונג צוריק פאראומערט די נשמה:
"א — הייסט עס — ניט קיין שקרן איז דער שטן —
פאראטן מיך מיין קינד — פאראטן —.

**דער דינאמיט**

מיט וואס? דו האסט דאך, מיר צו דאנקען,
דערווארבן עושר,

כבוד

און א שם א גרויסן!

**די נשמה**

פון אלע עולמות וועל ווערן איך ארויסגעשטויסן.

**דער דינאמיט**

צו וואס האסט מיך באשאפן?"

**די נשמה** (צעוויינט זיך)

מיין כוונה איז געוועזן ערלעך;
די מענטשן אבער, זעען אין א הדס־צווייג א רוט פון דערנער,
אין שופר של משיח — פון א ווילדן שטיער, הערנער..."

זעענדיק די לעצטע שטערן צאנקען,
האט די נשמה ראפטום אויסגעשפרייט די פליגל,
און ווי א וויכער זיך דערהויבן העט ארויף, וואס גיכער זיך
פון דא דערווייטערן,
וואס פריער פונעם שרעקלעכן גערודך זיך לייטערן.

ארויף געקומען, איז זי זיך געגאנגען ס׳הארץ אויסוויינען,
פאר דעם וואס האט געוואלט פארוואנדלען
אין מענטשן — טשערעדעס היענען...

הויבט אויף „דערלייזער" קאפ באקרוינטן,
און קוקט זיך איין ווער ס׳שטערט אים אין זיין טרויער.

**דער דערלייזער**

— ווער ביסט דו קינד? און וואס איז דיין פארלאנגען?
— איך בין דיין דינער אלפרעד נאבל,
באשאפער פון א מין סובסטאנץ וואס זאל די מענטשן נוצן
ברענגען.

בין איך געקומען מיר דאס הארץ אויסגיסן
פאר דיר דערלויכטער, און דיך בעטן
גערעכטער דיין,
דיין קנעכט זיין קינד פארצייען.

**דער דערלייזער**

וואס רעדסטו טייער קינד? פארצייען!?
וואס קומט דיר
אויף דער מחשבה?
איך זאלב דיך פאר א הייליקן! דו האסט פאר מיינע
פארבלאנדשענדיקע שעפעלעך געבראכט רחבה!
איך וועל דיך שטענדיק אונטער מיין באשיצונג האלטן
קינד־לעב!

**די נשמה**

א ניין! א ניין! דו „זיסעסטער באשיצער"

איך בין ניט ווערט צו האבן אזא גרויסע **זכיה**...

**דער דערלייזער**

א יא מיין קינד! א יא! אזוי געביט מיר גאט **מיין פאטער**,

אזוי דער ווונטש מיין מאמעס,

מאריע:

„דעריעניקער וואס טוט א חסד מיט זיין חבר,

וועט לויכטן ווי די זון אין קעניגרייך דעם טאטנס".

**די נשמה**

א ניין, א ניין מיין האר! מיר קומען פייערדיקע רוטן!

מיין **ווילן** איז געווען צו גוטן,

די מענטשן אבער האבן מיין כוונה

אזוי פארפעלשט, אז אנשטאט נעבן דיר צי נעבן

מיין „גוטינקער געביטערין" מאריע,

מיר קומט: פארשליידערט ווערן אין שאול תחתיה..."

— — — — — — — — — — — — —

דער „ליבנסווערטיקסטער" געוואלט האט טרייסטן

די אפגענארטע און באשווינדלטע נשמה...

נאר פלוצים האט ער זיך גענומען לויפן--

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

אין דער פמליא,

האט מען געמאכט א ווארע,

מלאכים האבן אנגעהויבן שאלן

— — — — — — — — — — —

פארסאפעט,

קאפ צעשויבערט,

איז דער „מענטשנזון" צום פאטערס קני געפאלן,

און זיך צעוויינט אין א פלאמפייערדיקער תפילה:
כרחם אב על בנים,
דערבארעם זיך אויף דיינע קינדער!
לייטזעליק זיי מיט חכמה,
בינה,
דעת.
אז ניט דערפירן זאלן זיי די פירער צו משוגעת!
זע ראטעווע וואס גיכער,
סע ליגט די חובה אויף אונדז ביידע!
באטראכט נאר טאטע,
פאר אונדזערע בעסטע זין, מ׳גרייט שוין פונדאסניי א שרעקלעכע עקידה...!!!

# דער נאפט און דער מאטאר

**דער נאפט**

וואס איך בין געווען און וואס דו אויס מיר געמאכט —

**דער מאטאר**

וואס אזוינס ?

**דער נאפט**

ביי מיין ליכטל האבן קינדער זייער גייסט געשארפט ;
זקנים, —
אפגערעכט חצותן,
גאנצע נעכט געארבעט אויף נשמה־לייטערונג ;
און היינט,
פארגיס איך בלוט,
אומשולדיק בלוט.
איך היל די וועלט אין טרויער־זעק ;
איך באפלעק
מיין מיט גלאנץ באקרוינטן עבר :
אין דעם אלץ,
ביסט שולדיק דו.

**דער מאטאר**

איך ווייס נאך אלץ ניט וואס דו מיינסט.
— ניט צוליב מיין קראפט
— זעצט ארויס מיט פלאם דער נאפט —
האט מען בעסטיאליש זיך צעפליישט
אין מאסול,
אין באליוויע
און אין פאראגוואי ?!
ניט צוליב באזיצן מיך
האט מוסאליני אביסיניע „ציוויליזירט" ?

שטשירען ניט פון איבעראל
אויסגעשלייפטע ציין,
אינזשעקטירט מיט גיפט,
גרייט אריינצוטראכען אינעם הארץ
פון אנדעדע, מיט מיר געבענטשע לענדער?
ווײ,
וואס איך בין געווען צוריק בלויז מיט א דור,
און וואס דו האסט אצינד אויס מיר געמאכט..״

דער מאטאר,
האט מיט קאלטן בלוט,
דעם פארוויינטן נאפט דערקלערט:
„אויב דו האסט געטראכט,
אז בלויז נאר דיר צוליב
ווערן לענדער פון דער ערד
אפגעווישט,
און פעלקער ווי פון לאוועס אויפגעצערט —
מעגסט
דו באַרוייקט זיין;
איך שווער:
דו ביסט ניט מער
ווי א תירוץ,
א פרעטעקסט;
אמת׳דיקע סיבה איז,
יענע אלטע מעשה מיטן הונט און עלעפאנט:
יעדער שנעק וויל ווייזן — ער איז א גיגאנט...

# די פלוטע, דער טייך, די האק און דער פלוטאש

— דו ביסט שולדיק!
— זאגט די פלוטע ברוגז
און די בעלקעס וואַרפן זיך ווי ריזנשלאַנגען —

**דער טייך**

איך? אין וואָס? וואָסאַרע זינד בין איך אַקעגן דיר באַגאַנגען?

**די פלוטע**

פאַר דער צייט מיין לעבנס פּאַדעם אָפּגעשניטן!
— איך!? — פרעגט נאָכאַמאָל דער טייך פאַרוווּנדערט,
אַזש זיין פּנים־פאַרב פאַרביטן —
פּונקט פאַרקערט! דו טוסט נאָך מיך אַ רעה!
וויפל מאָל האָסטו פאַרהאַמעוועט דאָס בלוט אין מיינע אָדערן!

**די פלוטע**

וואָלסטו ניט געגעבן דיינע פּלייצעס,
מיך אויף זיי צו טראָגן
דאָרט אַהין ווו ס׳וועט דאָס ווייסע בלוט מיינס
מערדעריש פאַרגאָסן,
וווּ סע ווערן מיינע גלידער אומרחמנות׳דיק צעשניטן —
וואָלט איך מיר בשלום אויסגעלעבט די יאָרן.
דורכדעם איז גרויס, מיט רעכט, אויף דיר מיין צאָרן!

**דער טייך**

ווי נאַאיוו! דו מיינסט אַז דיינע שוועסטער,
ברידער,
וועלכע לעבן דאָרט ווו איך בין **ניט** דאָ —
לעבן זיך בשלום אויס די יאָרן?
ניין מיין פריינד; בחינם בין איך דיר אין אויג אַ דאָרן.
שולדיק איז נאָר דער־אַ
(טייטלט צו דער האַק).

— וואס האב איך אקייגן דיר געזינדיקט?
— חזרט איבער מיט נאך מער אימפעט די פלוטע, די דערמאנטע טענות —

די האק, וואס איז געשטאנען
מיטן קאפ אראפ (געחקרנט צי גערדימלט)
און דאס גאנצע שפארעכץ ניט פארשטאנען,
האט דעם פוס זיך אויסגעגלייכט אביסל,
און קוים מ׳האט געהערט (ווי ס׳פאלט אויף גראז א ניסל),
צו דער פלוטע זיך געווענדט:
„גלויב מיר פלוטע־קרוין,
איך וואלט מיך שוין
אויסרוען געוואלט,
איך בין שוין מיד,
און, אחוצדעם, וואס האב איך צו דיר?
ניין! ניט איך ניט איך מיין פריינד; דער עיקר
חייב איז א־דער (זי ווייזט אים דעם פלוטאש).

איצטער ווענדט די פלוטע זיך צו אים:
„זאג, איך בעט דיך, ווארום שניידסטו פון מיר שטיקער?"

דער פלוטאש, פארברענט פון זון, א בלינדער
אויף אן אויג, ארומגעגארטלט מיט א ברייטן לעדער־גארטל, קוילנשווארץ,
פארזויערט
פון דער יארנלאנגער הונגערלאסט וואס הויערט
אויף זיין הויט און ביינער —
ענפערט אפ דער פלוטע:

„ארעמע פארטעמפטע פלוטע! קוק מיך אן:
בין אפגעריסן,
אויסגעקווארט,

נאָך הײנס קײן ביסן
מאַמעליגע ניט אין מויל געהאַט;
וויפל מאָל האָט בלוט פון מיר גערינען
ווען איך האָב די האַק צו דיר געהויבן;
מעגסט מיר גלויבן,
ס'איז מיר ניט אין זינען
עמיצן צו טון אַ רשעות.
נײן מײן טײערינקע,
פּראָ מיר וואָלסטו געקענט אויך טויזנט יאָרן לעבן;
שולדיק איז בלויז דער־אָ״
(ווײַזט, באַהאַלטן, מיטן פינגער
אויף אַ טרעלבויך ווי אַ ריזנזערא,
געטראָגן פון קלאַוויער־פּיס,
ציגל־רויטע וואָנצעס,
פּיסקעס רויט ווי באַרקעס
אָנגעפּולטע מיטן בלוט פון שווײַגנדיקע באַנצעס,
אויף דער גאַרטל־וועסט אַ קײט אויס גינגאָלד,
צווישן פינגער־קאַרקעס
אַ ציגאַר־שפּיץ).

**די פּלוטע** (מיט איראָניע).
און פון דעם לאָזטו זיך קווײַלן?
ער האָט טאַקע אָן „אָנשיט״ ווי אַ שעפּל,
דײַנער — ווי אַ לעפל,
אָבער ווען דײַן סענקעוואַטע
פּויסט, וואָלט אַט דעם פּאַס אַ טשמעל געגעבן!

**דער פּלוטאַש**
אָבער איך בין דאָך אַ טאַטע!
ווײַב און קינדער דאַרפן לעבן!

**די פלוטע**

ארבעט־זשע פאר זייערטוועגן !

דעמלט וועל איך שווייגן.

זעענדיק מיך זעגן,

קוקנדיק ווי ס׳פאלן מיינע יונגע צווייגן !

אבער פייניגן זיך ווי אין רוים די סקלאוון,

און דעם ווייב,

די קינדער,

זיך,

פארקארטשען לאזן הויט און ביינער —

ווער האט דיך געלערנט אזא תורה ?!

משה צי דער נאצארענער ?!

קיינער !!

— — — — — — — — — — —

## דער רעכטער שוך און דער לינקער

(א משל מיט א סברא)

„זאלסט קודם אנטון דעם רעכטן שוך" (שולחן ערוך)

**דער לינקער שוך**

פארוואס האב קיינמאל איך די זכיה ניט
— זיך ווענדט ער צום באלבאס מיט גרימיקן געמיט —
צו זיין דער ערשטער, הא?

**דער באלבאס**

אזוי באפעלט ס'געזעץ.
— און ווען ס'געזעץ איז קרום?
— געזעץ איז געזעץ.
— ווי פאר מייז ביי קעץ...
דאן וועלן מיר אונדז אויכעט שאפן א געזעץ.
— דהיינו!! — זיך צעשטויבערט ביים באלבאס
דער טאביק אויס דער נאז —

**דער שוך**

יד אחת מאכן!
צום יחוס פון די רעכטע,
איין פאר אלע מאל אן עק צו מאכן!
סטאפ!
עד כאן!
פון היינט און ווייטער וועלן **מיר** שוין זיין מיוחסים! פני!

**דער באלבאס**

און איך ווו בין?!

**דער שוך**

וועסט זיין ווו **מיר** דיך וועלן שטעלן...

— וואס ???!!

— דאס.

לעתעתה איז געזעץ געזעץ.
דער רעכטער שוך איז אלץ נאך כהן
און דער לינקער לוי.
איין נחמה האט ער בלויז:
דאס קלעצל פונעם רעכטן,
רייבט זיך כסדר אויס,
אלץ מער און מער

און זיכער איז ניט ווייט דער טאג
— מיט לאגיק קאנקלודירט
דער אייביק סעקונדערער שוך —
ווען גאנצע וועלט וועט אנערקענען די חשיבות דעמס
וואס האט סאלידערן יסוד...

# דער גילגול אין מיין הינטל

(כמו משל)

איך האָב אַ הינטל הייסט עס נעגער.
סע גלאַנצט זיין שערשטש ווי גיסנדיקע סמאָלע.
און ליב האָב איך עס ווי אַ פריינט אין דחקות.
און עס האָט מיך ליב ווי אַ קינד אַ טאַטן.
פאַרמאָגט געדעכטיקייט דאָס הינטל ווי אַ נביא:
אַז ס׳גייט פאַרביי אַן אויסוואָרף,
מעג ער לעשטשען,
— בעטן —
עס טוט זיך זיינס: עס בילט ווי אויף אַ הינטשלעגער
און קיינער ז׳ניט אימשטאַנד דעם ווילדן כעס אים שטילן.
די קינדער אָבער,
איז ער מקבל פּנים
מיט לעקן זיי די הענטעלעך
און אונטערפירן ווי אַ גוטער פעטער.
און לערנען זיי תנ״ך וכדומה
צעעפנט עס די רחמים אויגן,
לייגט אַרויף אויף זייער קני די מאָרדע,
און קוקט זיי גלייך אין מויל אַריין,
בעת די בענקענדיקע בליקן
פול מיט עצבות ווערן.

און ווען נעגער קומט אַריין מיט קאָפּ אַראָפּגעלאָזטן,
עקב בצד אגודל,
פרייטיק אויפדערנאַכט צום קידוש
און פון די אויגן רינען טרערן —
קען איך דעמלט שווערן:
אין מיין הינטל צאַפּלט אַ נשמה פון אַ גרויסן
וועלכן מען האָט פון אַלע טישן אָפּגעשטויסן;

איז ער מגולגל אין א הונט געווארן,
ער זאל צעפליישן אלע
— פונעם קלענסטן ביז צו פמליא של מעלה —
דורך וועלכע ער האט די ד׳ אמות פאר זיין גוף פארלארן...

נאר אנשטאט טרייבערן,
מאכט ער זיך קאליע נאר דעם גארגל
אף אומזיסטיק בילן,
און הערט זיך צו צום קידוש,
אָדער פונעם תנכ׳ל האט הנאה.



אפנים,
ווער ס׳איז אינעם ערשטן גלגול לעמעשקע געווען,
איעדן שורק געלויבט, ער וועט ניט טון קיין רעה —
דער וועט אויך אין צווייטן
ווי עס איז מיין נעגער —
ניט קאנען ענדערן זיין שטייגער...

# אנטלויפערס

1

„טר־ד־ראַד! טראַד! טראַד!!"
צעהרומעט זיך אַ דונער
און אַ בליץ צעשניידט דעם דאַך.

שפּרינגט אַ הינדל הענדום־פּענדום פונעם בוידעם,
קודם
זי, די ווייסע מיטן גוידער,
און איר נאָך, אַ גאַנצע כאַפּטע:
שוועסטער,
טעכטער,
מומעס —
און מ'נעמט זיך לויפן,
ברעכן האַלדז־און־נאַקן,
קאַדקעדאַקן,
איינער וויל דעם צווייטן איבערשפּרינגען
איבערשרייען,
ניט קיין צייט צו קלערן,
צו פּלאַנירן,
און וואָס מער מ'לויפט,
מ'שפּרינגט,
מ'שרייט,
אַלץ לויפנדיקער,
ליאַרמענדיקער
ווערט די חברה,
אַלץ דערהיצטער ווערט דאָס קאַדקעדאַקען.

2

אויפן וועג באַגעגנט זיי אַ האָן.
„ווהין דאָס לויפן שוועסטער מיינע,
ווייבער מיינע?

— פרעגט ער מיט א טאָן פון מיטלייד און רחמנות —
— ווייסט פון גאר ניט ?
— ענטפערט מרה־שחורה׳דיק די גוידערדיקע,
קוים וואס קען זיך אויף די פיס נאך האלטן —
אונדזער לעבן אין סכנות !
איבער אונדז עס פאלט דער הימל !
לויפן מיר זיך ערגעצווו באהאלטן.״

פרעגט דער האן שוין מער קיין שאלות ניט,
און שליסט זיך אן אין ריי.
אביסל ווייטער,
שאקלט זיך א קאטשקע.
ווענדט די קאטשקע זיך צום האן :
,,ווהין דאס לויפן, קרוב ?
— ווייסט פון גאר ניט ?
— ענפערט איר דער האן פארווונדערט און דערשראקן —
איבער אונדז דער הימל פאלט !
איז לויפן מיר וואס כוח האלט,
א שוצארט זוכן״.

פרעגט די קאטשקע :
,,ווו און ווען ?
פון וואנען האסטו דאס גענומען ?
**דער האן :**
מיט מיינע אויגן האב איך עס געזען,
מיט מיינע אויערן געהערט !
געציטערט האט די ערד !!״

די קאטשקע פרעגט שוין מער קיין שאלות,
פאלט אריין אין קאטשענער התפעלות
און זיך אנשליסט אין דער ריי.
אביסל ווייטער האבן זיי די גאנדז מיט גענדזעלעך באגעגנט,

און דעם אינדיק מיט דער אינדיטשקע.
אלע פרעגן וואס זיי האבן אזוינס געזינדיקט,
נאר קיינער טראכט ניט צו דערוויסן זיך געגוי,
די סיבה פון אט דער בהלה;
לויפט איעדער,
לויפן אלע,
אויף די ליפן בייזע קללה,
און זיי שטעלן אויך אריין זיך אין דער ריי.

און אלע האבן מיט די אויגן אייגענע געזען,
און מיט די אויערן געהערט,
ווי ס'פאלט דער הימל אויף דער ערד,
ווי גאנצע וועלט
צו תוהו־בוהו ווערט צוריקגעקערט.

3

ארויס פון דארף,
איז זיי מקבל פנים,
פריילעך־לאכנדיק,
דער פוקס.
„וואהין חברים?
וואהין אזוי איר גוטע ברידער מיינע?"

און די ווייסע, גוידערדיקע,
פונעם לאנגן וואנדער אפגעמוטשעטע,
אים ענפערט מיט א חלוש־קול:
„דו זעסט ניט? איבער אונדז עס פאלט דער הימל!
לויפן מיר א שוצארט זוכן".

מאכט דער פוקס א פרום רחמנות־פנים,
און באררייקט די גאט־נשמה־שולדיקע פחדנים,

װעלכע, א פּחד פֿונעם פֿינגער אױסגעזױגן —
זײ אַראָפּגעפּירט פֿון זינען.
„קומט מיט מיר נאַר, גוטע ברידער!
אונטער מײַן השגחה װעט א שװאַרט איר געפֿינען,
װוּ עס װעט ניט װאַגן קײנער
אײַך א פֿעדערל צו קרומען.
און אַחוצדעם,
װעל איך אײַך מכבד זײַן מיט לאַנקע־גרעזער
און מיט בלומען — — — — "

און די מחנה,
אין דער האָפֿענונג, דערלײזט צו װערן פֿון דער װאַנדער־צרה,
שפּאַנט א מוטיקע,
א פֿרײלעכע
אין פּוסטריט פֿונעם פֿוקס דעם זאָרגער,
אין דער נאָרע.
— — — — — — — — — —



יענעם טאָג
האָט פֿוקסעכע איר מאַן א זון געשענקט;
אין זײַן באַגריסונגס־רעדע פֿאַר די געסט,
האָט צװישן אַנדערן דער פֿוקס געדאַרשנט:

„װען פֿעטע סעודות אײַך געפֿעלן,
זאָלט אױף שײדע־װעגן איר אײַך שטעלן,
און װעט איר דערזען פּחדנים,
זאָלט איר מאַכן בלױז א פֿרום־און מיטלײד־פּנים,
אַלץ װאָס זײ באַדאַרפֿן, צוזאָגן —
װעלן זײ מיט דאַנק אײַך קריכן אינעם מאָגן...

# דער קונסטזאל און דאס ליכט

**דער קונסטזאל**

ווער קען זיך מיט מיר פארגלייכן ?
די גרעסטע שיינקייטן פון גארער וועלט
באצירן מיינע ווענט !
איר זעט אויף זיי דאס כוואליען פון די טייכן,
ס'רוישן פון די וועלדער,
אלצדינג וואס די חושים קען פארפירן,
וואס דעם מענטש קען מעטאמארפאזירן.
און ווער עס האט דעם זכות זיי צו פארשטיין,
טרעפט אויסגעשפרייט
אי ימ'ען קינדערישן חן,
אי תהומען מענטשלעכער אומווערדיקייט ;
אי גרעניצלאזע פרייד,
אי איבערמענטשלעכן טאנטאלוס־פיין . . .

**דאס ליכט**

אן מיר, ליגט אלצדינג דאס ווי אין א גרוב.
און ווער סע קומט אריין,
זיך פילט ווי אין א חורבה,
אין א פאלאץ א פארלאזטן
ווו אים שאטנס שרעקן,
ווו סע גלאצט דער טויט אין אלע עקן.

**דער קונסטזאל**

דו ביסט עובר־בטל !
הער איך דאך ווי מענטשן בעטן
זיי ארייננצולאזן !
ווי זיי ווערן גאנץ נתפעל
ווען זיי נאר מיין שוועל באטרעטן !

מאנכע בלייבן שטיין, די מיילער ווייט צעעפנט,
טייל צעוויינען זיך, א טייל צעלאכן — —
געסט פון גארער וועלט און שפראכן — —
צייטונגען ניט אויפהערן צו שרייבן,
אראטארן קאנקורירן אין אפאטעאזישע געזאנגען,
לויבן —
און דו פארגלייכסט מיך צון א חורבה?
צון א פאלעץ א פארלאזטן?!

**דאס ליכט**

דאס אלץ צו דאנקען מיר.

**דער קונסטזאל**

ביסט חסר דעה!"
(דאס ליכט לעשט זיך אויס).
ווי פון א לוויה,
גייען מענטשן מיט אראפגעלאזטע קעפ
ארויס פון זאל,
מיט פחד טאפנדיק די ווענט,
פארטשעפען זיך
דא אן א בילד,
דא אן א מאנומענט;
איעדער וויל וואס גיכער צו דער טיר דערלאנגען,
א געקראך פון גיפס,
פון שטיין,
גערויש פון גלאז־געקלאנגען,
מאנכע שרייען,
מאנכע פילדערן
און מאנכע וויינען;
איינער זוכט א קינד,
א צווייטער זוכט א חברטע
— — — — — — — — — — —

און יעדער פילט זיך גליקלעך
ווען ער זעט זיך אויף דער פריי
ווו די סכנה איז פאַרביי,
ווו דאָס אויף אַ מינוט פאַרשווונדענע ליכט
האָט יעדעמען אויפסניי
צוריקגעגעבן גלייכגעוויכט . . .
**דער קונסטזאַל** (צו זיך)
**אַליין —**
עס קענען מורה־מורינו'דיקסטע מוחות,
ניט דערגרייכן יענע הויך,
צו וועלכער עס גרייכן
**שותּפות'דיקע** כוחות . . .

# איבערגוס, הבדלה און זשמעניע

(משל־באלאדע)

**איבערגוס צו זשמעניע**

„די קעשענעס פול אן;
וואס מער איז בעסער; ווייסט
עס דאך;
בפרט נאך צו דער פולער וואך.
און ווײ צו דעם
וואס קען די סגולה ניט.
כ׳געדענק ווי היינט:
געווען א צייט,
מיין האר, א פשוטער באלבאס,
געפלעגט
האט מאכן די הבדלה, צו דער ארבעט גיין,
**ניט** האבנדיק געפולט מיט מיר די קעשענעס.
א־י־י גאר ניט פרעג;
א **ברויט**, אויך דאס
ווי קריעת ים־סוף. היינט —
קיין עין־הרע: תורה מיט גדולה. און
דאס אלץ צו דאנקען מיר.
דורכדעמזשע, עפן ברייט
די פינגער, שאר אן מאס
אן שיעור,
אז מיין באלבאס
זאל זיין
דער בכובדיקסטער גביר״.

נאר פלוצים האט הבדלה זיך
צעפלאקערט, שאטנס אויף די ווענט
צעאקערט, און מיט אירע שטורקאצלעך,

א ברי
געטון דער זשמעניע. זי
פאר ווייטיק, האט די גאנצע „ברכה" אויף
דעם טיש צעשפריצט,
און שטיין געבליבן א צעפּאלמעסטע,
אזוי ווי'ן שיל
די אויפגערופענע, חצות, פון מתים, צי
ווי היצעל פראנץ,
בעת ער האט איעדן שבת־־צו־נאכטס, אין מיל
געשפּילט דעם שדים־טאנץ.

— וואס ברענטסט און בראטסט דו מיך אזוי ?!
פאר וועלכן חטא ?!
— מיט ווייטיק און מיט שרעק
האט זשמעניע קוים ארויסגערעדט.

**הבדלה צו זשמעניע**

זשמעניע לעבן ! מיט מיין זיבנפאכן ליכט
האב איך פארכטערלעכס געזען ;
מיינע גלידער, האט א פראסט
דורכגענומען ! פאר יסורים, האב איך די נשמה שיער געלאזט !

**די זשמעניע**

וואס אזוינס ?
— פרעגסט נאך ? — ענפערט די הבדלה מיט געוויין —
אינעם רויטן משומר'דיקן ווייַן,
דעם, מיט וועלעכן דו האסט די טאשן דיר געפולט,
אנגעפולט און גאט געדאנקט,
מער און מער פארלאנגט,
האב איך דערזע־ע־ע־ען — —
— וואס ?
— אזוינס מ'זאל ניט זען,
ניט הערן !

— נו זאג שוין גיכער, וואס ?!

— א פא־רל טרע־רן...

— כא ! כא־כא־כא־כא־כא־כא !! כא־כא־כא־כא !

— האט זשמעניע זיך צעלאכט מעפיסטאדיק —

דו נארעלע וואס ביסט !

געקרענקט זיך גאנץ אומזיסט !

צי האסט דו אין דער וועלט

אמאל געזען שוין „געלד

ווי זאמד און שטערן"

עס זאל דארין **ניט** זיין קיין טרערן ?!!

כא־כא־כא־כא !!

דו נארעלע וואס ביסט !!...

— — — — — — — — — —

## נאכט־קולות, בליישטיפט און שטערן

(משל־באלאדע)

באלוואנעס חושך,
ווי זעק מיט קוילן,
אין פנים כמאליען;
געדאנקען — רייסנדיקע כוואליעס —
אין מוח כוואליען.
רייסט זיך אפ דער קאפ און ווערט פארהוילן...
פארפלאנטען זיך די פיס — —
א זעץ אין סטאלפ — — א טראך אין פאסע.



געזאנגען און געלעכטער
— לעהאי מ׳שארפט א קאסע —
אלץ נענטער
נענטער.

„העי! ווער דארט?!
— צעזעצט רציחה׳ש
א האלבער טוץ מיט קולות
די נאכטישע מויער,
ווי אייזנבארענעס א מפולת.

זיך אויסגעגלייכט א קאפ די ביינער,
דעם קאפ א זוך געגעבן
— — — — — — — — — —
פון צווישן באמבלענדיקע ציינער,
פון צונג וואס קען פון גומען זיך ניט
אפקלעבן,
באוועגט זיך העכער העכער אין דער פאסע,

געטובלט גאנץ אין פרישער קילער ראסע.
זיך הערט א קול,
צעהאקט,
צעצויגן
ווי פון א הינטל מיט נאך ניט געעפנטע אויגן:
„אי־־־ך".
— ווער איך?!

א לעמינק דיר אין דיך!!
— צעדונערן געוואלטן,
ווי טראמבעס
אין פעסער ליידיקע,
ווי באמבעס
וואס די לופט צעשפאלטן.
— איך!
— שוין ווערט די שטים אביסל פעסטער.

א קאפ מיט קרויזנדיקע בלאנדע קודלעס,
די אויגן עפענען זיך ברייטער ברייטער,
ער גיט זיך א צעזדראכע
— — — — — — — — — —
און וואס דערזעט ער?:
צוויי בלישטשענדיקע מעסער
ווי חלפים פאר בהמות,
און אויגן —
פעסער
וואס שפריצן סם און ווארפן אימות;
די פנימער באגרינט מיט יאשטשערקעס
וואס ווארפן זיך ווי אפגעקריילטע,
און וואנסעס —
ווי די האר מעדוזעס (די שיידע),

א שלאנג איעדע.
— דו „איד״ ! גיב געלד !!

— איך האב ניט״.
און קוקט זיי מיט א שמייכל אין די אויגן.
ווי גלייך א פאווע דורכגעפלויגן.

— דעם זייגער !
און ריר זיך ׳שוין פון דעם געלייגער !
א רוח ,דיר אין די קישקעס !
וואס כאליעסט דו דארט ווי א פגר !!
איך טרעסע אקארשט דיר די בעבעכעס ארויס !!״

2 זיך אויפגעשטעלט, פאוואליע,
געענטפערט :
„איך האב קיין זייגער אויך ניט״.

— נבלה ! האסטו גאר ניט ?!

— א יא, איך האב, איך האב א גרויסן אוצר,
נאך גרעסער פון א ברודער,
פון א פריינט א טרייעם״
— באקומט דאס שוואכע ׳שטימעלע א רוח חיים,
און ווי א סערענאדע קלינגט עס,
דעם שטערן וואס האט איצטער
געווארפן זאנגען ליכט דעם שווארצן שלייער.

— האסט יא־א־א ?! אהער !!״
צעברומט זיך איינער ווי א בער
און אויס די אויגן שפריצט מיט גרינעם פייער —
ער ווייזט דעם בליישטיפט.

דער שטערן האט געמאכט א חנדל,
און אויפן שפּיץ פון בלייען פענדל,
ארויפגעזעצט א גאלדן קריינדל.

האסט **גאלד**? א קרוין פון **גאלד**?!!
און חוזקן אויס אונדז געוואלט!!״

זיי האבן זיך דערויף א ווארף געגעבן,
ווי אויף א פאנטער־קעמל, לייבן,
און ברילנדיק ווי ווילדע חיות, זיך צעשריגן:

**„דאס גאלד, אדער בלייבסט א טויטער ליגן!!!״**
ער האט׳ס געגעבן מיט פארגעניגן.
— — — — — — — — — —
ווי א דינער וועלעכן דער האר דעם כוס אין פנים שליידערט,
האבן זיי די קעפ אראפגעלאזט,
די אויגן אין דער ערד אריינגעגראבן,
און, פארטראכט, געשטאנען,
דאס וונדער ניט פארשטאנען:
דאס שרייבפענדל זיי האלטן אין די הענט,
באקוקן,
באדקען —
א פשוט שטיקל בליישטיפט — —
קיין סימן ניט פון גאלד אפילו...
די באנדע גיט א ווארף זיך אויפן שעף, אויף נאטקען — —
— — — — — — — — — —
פון אויבן,
פונעם שטעג מיט מילעך,
האט דער שטערן
א צעהילעך זיך געגעבן:
„כא־כא־כא־כא!!

מיין קרוין איז דא! פאראנען!
און ווער עס וויל, איך וועל אים גערן **געבן** —
אבער מיט א תנאי:
די אויגן צו **דערלויכטן,**
ניט זיי צו **פארקלעבן**...

# דער קעז און דער שפּעק

**קעז צום שפּעק**

„גוט מאָרגן פרײַנד! ווי גייען די עסקים?

— גוט מאָרגן — ברומט צוריק דער שפּעק —

א פרײַנד? — כריאַקעט ער אין אײַנגעווייד —

איך אים!? א חוצפּה פון א כלאַפּ!

מיט אים אין גנאַיעוועקע געטליקעט?

אַזאַ אַקסענער קאָפּ!!

זײַנסגלײַכן!?

חברים!?"

דער קעז באַמערקט:

דער שפּעק איז ברוגז,

געטראַכט: וואָס טויג עס?

**צום שפּעק**

צי זענט איר עפּעס בייז

פרײַנד שפּעק?

— געענפערט האָט מיט הכנעה,

וויסנדיק, דאָס טוט דעם שפּעק הנאה —

— איך בעט אײַך, גייט זיך אײַער וועג!

— פאַרקרומט דער שפּעק

פאַרפּעצטע מאָרדע

און ליפּן, שוים באַנעצטע,

מיט רוגזה וואַרטשען:

„ס'נעמט קיין עק!

אַלץ האָט דיך א מאָס!

זיך אַנגעזעצט ווי א בייזער בלאַטער

און כ'וועל פון אים ניט פּטור!"

— וואס פאנפעט ער דארט אונטער דער נאז?
— צעיאכמעט זיך דער קעז —
וואסערע מיוחס
(און צו דעם שפעק געווענדט):
וואס זענט איר עפעס אזוי הייס געבאדן?

**דער שפעק:**

וואס הייסטו וואסארע,
דו כראנדזשע דארע?
צו מיר ווילסטו זיך גלייכן?

**דער קעז**

ווער אזוינס ביסטו דען?
(דער קעז אז וויל, אויך ער קען)
וואס ביסטו מער פון מיר?
מיר דוכט, וואס 'שטאם נוגע,
ביסטו ניט מי יודע...!
צי האסטו גאנץ פארגעסן
פון וואסער הויז דיין טאטע
(מיט דער מאמען
צוזאמען).
קומט ארויס?!
דיין משפחה
געקענט האט זיין א שכן כאטש
מיט מיין,
ביי גאט,
ביי לייטן,
בארימטן טאטן!?
דו טרפה קישקע!
עקלהאפטע בריה!"

דער שפעק, פאר כעס אנגעצונען,
זיך ניט געקענט קיין ארט געפונען.

געוואלט א עק שוין מאכן
(עס וועט דאך יעדער אויס אים לאכן)
און — בלייבן עס זאל בסוד — פאר שלעג
געציטערט האט זיין הייטל:
האט דאך קעזנס זיידע
אמאל אין סטעפ
קראוואשעט
סכנות
א גאנצע סטאדע חזיר־קעפ!
פאריסן האט דעם לעפ,
דעם זנב ווי א פראגע־צייכן
פארשמיסן אן א זייט —
וואסאר בהלה
געוועזן דעמאלט דארט אין סטעפ!
— — — — — — — — — — —
נאר באלד,
צעזאטן
זיך האט אין אים דאס בלוט,
דער שווייס באגיסן אנגעהויבן
מיט טראפן גרויס ווי טרויבן,
און מעשה־תקיף,
צעשריגן זיך צום קעז:
„אין שטאל דיין פלאץ טינופת!
קוקט נאר ווער אויף מיר ארויף איז!
דו קענסט דאך ניט קיין אלפבית אפילו!
דו גראבער יונג פארשמירטער.
**מיין** כבוד רירט ער!
מיט מיר באשיינט זיין שמחה
דער גרעסטער גביר!
מ׳האלט מיך אין קריסטאל,
אין זילבער!

און דיך פארגרעבטער כלאפ?
א שמאטקעלע דיך בינדט ארום
און דארט פארברענגסט, דו טעג און וואכן
ווי אין מיסט א קנאכן!
דו ווערסט פארפוילט אין שמוץ און פינצטערניש —
ווילסטו צו מיר זיך גלייכן!?"

דער קעז איז כלל ניט בטל
געווארן.
זיך אויסגעהוסט,
און שטיל, אן צארן,
(די רואיקייט צעפלאצט דעם שפעק די גאל)
געענפערט:
„ווער!
מיין קלייד איז שווארץ ווי שווארצער קימל,
דיינס —
איז קלאר ווי בלויער הימל;
נאר נעמט מען
אראפ דאס מיינע,
דאס דיינע —
אונטער דעם שמאטקעלע דעם פראסטן,
בלענדט א קלארע ווייסקייט אן א פיצל פלעק;
און, דעקט מען אפ דעם זילבער (צי קריסטאל) —
באפאלט א שרעק,
פארקלעמט ביים הארץ:
פון אויבן בלישטשען
זונען,
שטערן,
און אינעווייניק —
בלישטשען טרערן...

## צוויי טעצעלעך און א קונה

**ס'ערשטע טעצל**

סע דוכט זיך מיר אז דו פארשטייסט ניט כלל
מיין ווערט צו שעצן,
ווען האסט די העזה, נעבן מיר
אנידער זיך צו זעצן!

**ס'צווייטע טעצל**

ס'איז אמת, נאר פארוואס,
איך בעט דיך לאז מיך הערן,
בין איך מחוייב דיך צו ערן?

**דאס ערשטע**

דו זעסט דען ניט?

**דאס צווייטע**

איך זע ניט גאר ניט.
וואס איז דען אייגנטלעך צו זען?
בין איך מיט דיר קיין פאר ניט?

**דאס ערשעע**

א הי! אף מיינע שונאים'ס קעפ!
דו שוטה!
קלאץ!
פאנטאפל!
ס'איז אמת וואס מ'זאגט:
וואס טויג א גוי א זייגער?
גיב אים א קארטאפל!...
איך בין באצירט!
באבלומט!
און דו? א פראסטע שטיקל ברעטל!

ס׳איז כ׳לעבן, נאר
א חרפה פארן קלייטל!

**א קונה**

— איר ווינטשט?
— איז אים מקבל פנים דער פארקויפער —
— א טעצל ביטע״.
דערלאנגט אים גיך דאס ערשע.
— דאס!?
— פארקרימט די נאז דער קונה —
קיין פרוטה.
— ווי אזוי?
די נאבלסטע עליטע
פארלאנגט דעם סארט;
דו האט איר בלומען,
שניצערייען —
וואס נאך?
— דאס אלץ איז קלייען.
— פארוואס?
איעדער זאגט ס׳איז אויסגעצייכנט שיין!
דא זענען חיות,
גראזן,
בוימער...

**דער קונה:**

די מענטשן קוקן אף דער צורה
און באטראכטן ניט דעם חומר.
איך — איך האב א קיימא־לן,
און דאס איז מיין פעסטער גלויבן:
פון אינעווייניק ווען סע פוילט,
באפוצט מען און באפארבט פון אויבן...

# אלטע הויזן

1

די נאכט דערפילט, איר צייט גייט אויס,
האט זי זיך אויף די נעגל־שפּיצן,
קוים באַרירט די ערד,
פּאַוואָליע,
שטיל,
דער הונט ניט געבן זאָל קיין ביל,
קיין פויגל ניט קיין צוויטשער אף א בוים,
א טראַט — —
א טראַט — —
און נאָך א טראַט — — —
צוביסעלעך — —
צוביסלעך — —
זיך אַרויסגעשאַרט.

איר שאָרך דערהערט האָט בלויז דער האָן.
האָט ער א קריי געטאָן,
אַז עמיחי האָט מיט אַמאָל די אויגן אויפגעפּראַלט,
זיי מיט די פויסטן אויסגעריבן,
די פינגער אינעם קודלעוואַטן קאָפּ אַריינגעשטעקט,
געטאָן א געניץ (אים געהערט
אין שטאַל די פערד) —
און מיט אימפּעט,
א שפּרונג אַראָפּ געטאָן פון בעט.

ער גיט א שלעפּ אַרויף
דעם אַלטן הויז,
און באָרוועס,
אָן אָן אויבערקלייד,

ער גייט ארויס.
פארזארגט די ארבעט איבעראל,
אין הויף,
אין שייער
און אין שטאל,
דערנאכדעם פארט ער אויפן פעלד
אין וואלד;
און תמיד, הייס צי קאלט,
אן אים, דעם אלטן הויז,
ניט מאכט קיין שפאן.

2

אמאל,
אין אסרו חג,
ער נעמט ארויס
— לעהיי אן אלטן זאק —
דעם אלטן הויז.

— פארדאן!
— גיט אים אן איבערשלאג דער הויז —

**עמיחי**

וואס איז געשען?

**דער הויז**

פארוואס קומט מיך אזוי פארשעמען, זאג?!
פארוואס אז ס'קומט א יום־טוב
אדער גלאט א שמחה,
לייגסטו מיך אין ווינקל ווי א שמאטע,
קיינער זאל חלילה מיך ניט זען?
דו וואשסט זיך ריין,
און פוצסט זיך אויס, א גאנצער כוואט,

מיט פארזיכט
נעמסט ארויס דעם נייעם הויז,
און גיסט דיר מי,
עס זאל קיין שפרענקעלע ניט זיין אויף אים.
אין משך פונעם טאג,
דו היטסט אים אפ ווי ס׳אויג אין קאפ;
און קומט באנאכט,
אים לייגסט צוזאמען אויפן פאלד,
אז ווידער פאר א טאג פון פרייד,
זאלסט האבן גרייט
א יום־טוב־קלייד.
מיר זעמער דאך פונזעלבן פלייש און בלוט,
פארוואזשע קומט אים אויבנאן,
און מיך צו טרעטן מיט די פיס?!

— דו ביסט דאך אלט!
ניט שיין!
— אים ענפערט קאלט דער האר —

דער אלטער הויז צעפיקעט ווערט פון צער און צארן.

**דער הויז**
אלט?
ניט שיין?
אויך איך בין יונג און שיין געווען!
און שולדיק אין מיין מיאוסקייט
**דו** דאך ביסט!

**עמיחי**
קען זיין.
און דאך.
דיין שרייען גאנץ אומזיסט.

קיין נפקא־מינה, **ווער**
ס'איז שולדיק אין פארלירן דעם
אמאליקן גלאנץ.
בעיקר קומט אין חשבון
דער אויסזע פונעם **איצט...**
— און ווו איז פארגעלטונג?
**לוין?**
— צעשרייען זיך די אלטע הויזן,
און אויף דער ערד
עס פאלט א טרער.

**עמיחי:**
עס קומט דיר.
ביסט גערעכט.
ס'איז אבער לייכטער צו דערטראגן
די יסורים פון אן אנגעווירענעם לוין
ווי פון פארלוירענער עהר...
— וואס מיינסטו דערמיט?
— ווען איך וועל אנגעטון גיין נאר אין אייך,
וועט קיינער נעבן מיר ניט שטיין,
ניט ענטפערן אפילו אויף מיין גרוס.
אין **זיי,** די **נייע,**
ווער מיך זעט,
מיר שאקלט מיטן קאפ,
און שטייט און רעדט,
און חנפה'ט מיך און גלעט;
ער טוט עס ניט מיט הארץ?
אז ס'איז ניטא קיין זון,
באגנוגנט מען זיך מיט קווארץ...".

דער אלטער הויז,
ער האלט'ס ניט אויס:

„גערואלד!
רוצח!
שופט!
באנדיט!
א דאנק דאך **מיר**
קענסטו **זייער** שיינקייט היטן!

**עמיחי:**
גערעכט!
נאר ווען איר טויגט ניט מער
ווי היטן **יענעמס** שיינקייט,
מוזט איר אייער עהר מחילה בעטן,
און אן צער,
אן שאנד —
פאר **יענעם** לאזן מזרח־**וואנט**...

## דער לייב, די פליג און דער ראב

אין איינער
א מדבר,
האט זיך דער קעניג פון די חיות,
א היכל אויסגעבויט.
איז דאס געווען א מלך
וואס זיין לויב
אויף יעדנס ליפן פול געווען.
ווייל קיינער ניט געהאט קיין סיבה,
אויף אים דעם מינדסטן האס־געפיל צו טראגן;
אויף קיין איינציקע פון זיינע ווערק
דעם קלענסטן פעלער ניט געפונען,
א ווארט א שלעכטס צו קענען זאגן.
און וויפל מ'זאל אים ניט געוועזן דאנקען,
דינען,
וואלט מען ניט קיין הונדערטס חלק פון זיין גוטסקייט
ניט געקענט באצאלן.

איז דאס געווען א מלך,
צו אים געבוקט זיך האבן
מיט דרך־ארץ און מיט ליבע
די באוווינער פון די וועלדער
פון די בערג
און פון די טאלן,
פון די פעלדער און מדבריות —
די גאנצע צוועלף חדשים פונעם יאר.

איז דאס געווען א קעניג,
אונטער זיין ממשלה
האט קיין שטארקער קיינמאל ניט קיין שוואכן אומגעבראכט,

קיין בריה קיינמאל אים ניט ווידערשפעניקט,
יעדער איז געווען צו איעדן קרבן גרייט —
ניט פאר מורא נאר פאר פרייד.

2

האט זיך געטראפן,
עס איז א זלידנע פליג אין מלכ׳ס זאל געקומען,
זיך באזעצט אין סאמע אויבנאן,
אויף דער ריקזייט פונעם טראן.
קיינער האט זי ניט געזען,
קיינער האט מיט איר זיך ניט באשעפטיקט.

זעענדיק אז קיינער נעמט זי ניט אין אכט,
אז קיינער ניט פארבעט זי צון א סעודה
אדער סתם אזוי אין א חברותא —
האט זי זיך צע׳כעס׳ט
צעברוגזט,
אנגעהויבן פליען,
זומען
מיט ניט־פליגיש קול:
„לא־יצלחס וואס איר זענט!
איר דארפט אייך באמיען
מיך אין אייער מיט צו בעטן,
ניט מיין כבוד מיט די לאפעס טרעטן!
שנעקעס!
אנשטאט מוח, האט אין קאפ איר טשוועקעס!
גראבע יונגען!
אינוואלידן!
איר דארפט זיין צופרידן
וואס איך
זאג זיך אן מיט אייך!

צו מיינע קנעכל איר ניט גרייכט!
איר האט פאר גרויסקייט ניט קיין זין!
איר ווייסט דען ווער איך בין?
איך ווין אינזעלבן היכל מיטן לייב!
מיר זיצןביידע אויף דערזעלבער שטול!
פוסטע מוחות וואס איר זענט!
ביי מיר האט איר מיט אייער גאנצער גרויסקייט
ווערט א לעכערדיקן סענט...!"

**דער ראב**

עס איז כלל ניט קיין אומכבוד,
קליין צו זיין און ניט בארימט;
א חוזק און א שפאט איז בלויז,
ווען א קליינער האלט זיך גרויס...

# דאס שעפּאלע, דער לייב און דער בער

1

**דאס שעפּעלע:**
איך בין אזוי אליין,
און צארט,
און קליין;
איך טשעפּע ניט קיין ווערעמל,
קיין פליגל,
שטער ניט קיינעם,
ניט קיין ווייטע,
ניט קיין שכנים,
און פארלאנג פון קיינעם גאר ניט —
און כאטש אזוי האב איך נאר פיינד,
וואס שטענדיק זוכן מיטל,
פּלענער,
ווי אזוי מיך אומצובריענגען.
בייזע וועלף וואס שטשערען ציינער
מיך אויף שטיקער צו צערייסן,
און דאס ביסל פלייש וואס איך פארמאג,
צעטיילן אף דער וואג.

2

שטייט דאס שעפּעלע אין מיטן פעלד
און פרעגט די וועלט א קשיא,
און נאך איר א צווייטע
און א דריטע:
„וואס האט מען זיך אזוי אנגעזעצט אויף מיר?
פארוואס אזא ענארמע אומפארדינטע שטראף?
וואס איז מיין חטא וואס כ'בין א שוואכע שאף?"

עס וואלט געפרעגט אזוי
ווער ווייסט ביז וויפל און ביז ווען —
נאר פלוצים,
איז זיין מאיעסטעט, דער לייב, דערשינען:
א קרוין פון ריינעם גאלד באצירט זיין קאפ,
דאס פייער אין די אויגן ברענט מיט שטאלץ און מיט גבורה,
און דער שפאן,
די צורה,
זאגן:
"וויל איז דעם וואס אים געראטן,
זיך צו שיצן
אין מיין גריוועס שאטן...

3

האט דאס שעפעלע פארשטאנען:
אזא שטאלצער הערשער,
וועט בלי־ספק זיך אננעמען די קריוודע
פון אן ארים שוואכן שעפעלע;
און וועט ער,
וועלן עס מקנא זיין די געטער.
קיין בייז ווינטל וועט אויף אים ניט בלאזן,
עס וועט רוייק קענען ציפן גרינע גראזן,
זיפן פונעם קאטשענדיקן טייכל
און
— פאר פרייד און האפענונג עס לאזט א טרער —
זיין פעלעכל וועט זיך אנטוויקלען
לויט זיין אייגענעם באשער...

4

איז דאס שעפעלע געפאלן אויף די קניעס און געבעטן:
„איך בין קייגן יעדן אזוי איידל;

קייגן מיר — איעדער פאלש און גראב.
גרויסער שטאלצער קעניג
האב — — "

**דער לייב:**

דארפסט מיר גאר ניט זאגן,
אלצדינג ווייס איך,
פון אצינדערט אן
ווערסטו זיך קיינמאל שוין ניט מער באקלאגן,
ביסט פארזיכערט מיט א רוייקן און פרייעם מארגן,
אונטער מיין פאטראנשאפט
וועט ניט קיינער וואגן דיך צו טשעפען.

5

האט דאס שעפעלע צו וואקסן אנגעהויבן,
און זיין פעל וואס האט פארכאפט די אויגן
האט אפילו **פיינד** באוויגן
זיך צו איבערטערפן אין געזאנג־געלויבן.



אוועקגעגאנגען זענען יארן,
פונעם שעפעלע א שאף געווארן,
האט די שאף געלעמלט,
פון די לעמלעך ווידער שאף
און ווידער לעמלעך —
פול די לאנקעס,
פול די פעלדער,
טשערעדעס גערעטענע,
באוואונדערטע,
אין הונדערטע.
זיי געווען א קוואל פון פריידן
און אן איבערטערפעניש פון רומען

פאר איעדן
וואס אין זייער גבול געקומען.

6

דעמאלט —
דעמאלט האט דער לייב א טרעסענע געטון
מיט זיין אלמעכטיק־קעניגלעכער גריווע,
דעם פאשטשעק געגעבן א צעכראסט,
די ציין צעשטשערעט —
זיך געגרייט,
דאס שעפעלע וואס איז אן עלטער־עלטער־באבע שוין געווארן,
מיט זיין גאנצן נאכוווקס,
דורסן,
פארשלינגען,
און וואס בלייבט פארטיילן צווישן אים און אנדערע ווי ער.
און ווען ער האט געהאלטן שוין
ביים לעצטן שארף פון לעצטן צאן,
איז אנגעקומען מיט געבריל דער בער.

דערזען דעם מצב,
מאכט ער ניט קיין לאנגע שהיות,
טוט א זאג צום שעפעלע:
„דו שוואכינקע נפל׳ע,
איך האב קיין קרוין ניט,
איך פארלאנג ניט, אנדערע זיך זאלן פאר מיר ביקן,
אבער איך קען ניט פארטראגן
ווען א שטארקער וויל א שוואכערן פארציקן.
און ווען איך דערזע דאס,
שטעל איך זיך אף מיינע הינטערלאפעס,
און מיט די פעדערשטע,
טאלאפע איך אין קעפ,
אין קרוינען,

ביז סע פאלן אי די קרוינען,
אי די קעפ,
פון יענע פינצטערע פארשוינען
וואס די וועלט פארבלענדן
און — פארלענדן...

און דער לייב זאל וויסן דאס:
וועט איבערכאפן ער די מאס,
וועט ווייטער ער איזדעקעווען
און וועלן מיט איעדן פרייז אז אלע זאלן פאר אים קניען,
פאר דעם „חסד"
אינעם שאטן פון זיין קרוין צו מעגן וויינען —
וועט זיין סוף זיין
ווי געוועזן פון אזוי פיל קרוינען..."

7

די שיינע ווערטער זענען שעפעלען געפעלן,
נאר ביי זיך האט עס געטראכט:
וועלן זיי געהאלטן ווערן?
איך בין שוין זאט
פון צוזאגעכצער און פון שיצן;
עס איז קיין תכלית ניט
צו ווארטן בלויז אויף יענעמס חסדים
און קיין אייגענעם כוח ניט באזיצן
— — — — — — — — — — —



אין א זונדורכלויכטן טאג,
האט שעפעלע
די קינדערלעך און די אייניקלעך אין טאל צונויפגערופן,
און פאר זיי,

א קליינע אבער פעסט־אנטשלאסענע
קוראזשנע דרשה אויסגעמעקערט:
„קינדער מיינע,
זיסע,
טייערע!
פאר אייער מינדסטן הערנערל
זאל זיין דער באבן אייערע!
הערט־זשע קינדער וואס איך וויל אייך זאגן:
אונדזערע טאטעס,
מאמעס,
קינדער,
שוועסטער,
ברידער,
האט מען אויסגע׳נעקר׳ט
אויסגעשאכטן;
וויינען,
קלאגן,
האט קיינמאל גארניט ניט פאראכטן
מיר וואס זענען בלויז א שריד־פליט,
ווילן מער ניט זיין קיין משל פון פחדנים:
„אויסגעשאכטן ווי די לעמער”...
אויך מיר,
געליטענע אן מאס,
אן שיעור,
גאטס באשעפענישן זעמער,
און אויך מיר א רעכט צום לעבן האבן.
ניט בלויז זיין א שפייז פאר וועלף,
פאר ראבן!
הערט־זשע קינדער
— צעשרייט די אלטיטשקע זיך אויף א קול

**מיר לייגן א יסוד פאר נייע דורות!**
און דאס איז דער פאראל:
„מיר ווייסן ניט וואס מורא־ז״
פון איצטער אן,
וועט אונדזער קליין באלבאטעשאפט,
א גרויסע קראפט,
א גרויסער כוח מוזן ווערן!
און אויב לית דין לית דיין,
וועט אונדזער שוואך כלי־זיין
— הערנערלעך, קאפיטעסלעך —
פארוואנדלען זיך אין שטאל און אייזן
מיר זענען ניט קיין נעבעכלעך
וואס קענען אן „רחמנות״ ניט קיין קיום האבן!
און ווען מען דארפן,
וועלן מיר די ציינדעלעך וואס בלויז פאר גראז באשטימט —
אויך פאר אבר־מן־החי
אנשארפן!

דעמאלט,
וועט ניט מער
דער לייב,
דער בער
מיט אונדז „חסדים״ טון;
זיי וועלן הארציק־גערן
גוטע ברידער מיט אונדז ווערן...

# דאס בענקעלע און דער טיש

**דאס בענקל**

אלע זיצן בלויז אויף מיר.
אויף דיר,
ווען עמיצער זאל וואגן זיך ארויפצוזעצן,
אדער גאר א שוך צו שטעלן —
וואלט געהאט איעדער, פעלער אויסצוזעצן
און באטרעפנדיקן אנצורופן
נחות־דרגא,
אן כאראקטער,
און א חוץ,
וועט מען באליידיקן זיין טאטע־מאמע
ווארפנדיק די שולד אויף זיי:
„עס פעלן אים די זיבן קינדער־יאר״...
און קיינער וועט ניט נעמען אים אין שוץ;
פארקערט,
מ׳וועט נאך צולייגן א קנייטל...
איך קען ניט פארשטיין,
אין וואס עס שטעקט דיין גרעסער־ווערט.
בין איך דען ניט א פיערפיסיקער ווי דו?
און אז דו ביסט א קאפל העכער אויסגעוואקסן,
קומט דערפאר דיר אזא כבוד
און אזעלעכע זלזולים מיר?
ס׳איז פשוט פון דער הויט צו שפרינגען;
וויל מען עסן מוז מען האבן מיך?
שרייבן — מיך!
די וועלט פארזארגן — מיך!
און נאך דעם אלעמען,
בין איך אזוי פארשפל׳ט,
אז סע מאכט ניט אויס,

צו שטעלן אויף מיין קאפ,
א טאפ,
א שוך
און ענלעכע ניט־דעליקאטע זאכן,
און דיך מ׳האלט אזוי בכבוד ?!

**דער טיש**

וואזשע גיסט דו אויס דיין ביטער הארץ אויף מיר ?
האב **איך** דען דיך אראפגעזעצט
און **זיך** פאר העכערן געשעצט ?
צי איז מיין גרעסערקייט
אויף חשבון פון דיין קלענערקייט
אדער מיינסטו אפשר אז דיין ניט־צופרידנקייט
פארשאפט מיר פרייד,
וואס קומסט צו מיר מיט טענות ?!
בין איך עפעס שולדיק ?

**דאס בענקל**

ניין און יא !
ווען דו ביסט דא ניטא,
וואלט מען, ניט האבנדיק קיין ברירה,
מיר דעם גאנצן כבוד צוגעטיילט
און ס׳וואלט ממילא ניט דאס פנים מיר פאר בושה זיך ניט אפגעשיילט.

**דער טיש**

ניט גערעכטע און ניט שכלדיקע טענות :
וואסער זכות האסטו,
כדי דיין כבוד־דראנג באפרידיקן,
זאל איך מיין עקזיסטענץ פארדארבן
און פארשליידערט ווערן אין א ווינקל ערגיץ
ווי אן אפגענוצטער שארבן ?!

ניין קאלעגע !
יעדעס ווען אינעם לעבן האט א מיסיע,
איינער קלענערע און איינער גרעסערע,
און קיינער דארף די אויגן זיך ניט אויפצורייסן :
היתכן ?
וואס בין איך דען ווייניקער פון שכן ?
פאר איעדן גילטן דארף דער כלל :
ניט קיין מער און ניט קיין מינדער,
נאר א **פליכט** וואס יעדער האט צו רעספעקטירן,
א **געבאט.**

**דאס בענקל**

ווי לייכט עס איז דעם זאטן פרעדיקן צופרידנקייט !
צי האסט אמאל א טראכט געטון,
אז שטענדיק זיין א מהפך,
קיינמאל ניט דערגרייכן צון א פשטא ;
אייביק זיין א סאטעליט
און קיינמאל ניט קיין זון ;
באשטענדיק זיין דער קארקענציער,
פאר אן אנדערן דאס ביער —
ווערט ביי זיך **אליין** מען אזוי נידריק,
אז ווען ס'טרעפט און עמיצער באגליקט דיך מיט א סבר־פנים,
ווייזט ארויס דו אזא אונטערטעניקייט,
אז יענער שעמט זיך מיט זיין טעות... ?

**דער טיש**

דערפאר,
עס ווארט אויף דיר א גרויסער שכר :
הקב"ה זיצט אויף כסא הכבוד,
(און סע ווערט קיין טיש דארט ניט דערמאנט).

**דאס בענקל**

ניט גענוג דער ווייטיק,

מאכסטו חוזק נאך.
דעם גרויסן דאכט **זיך**:
אים דערלויבט איז אלעס קייגן קלענערן,
אקעגן דלות.

די **מתנה** טרעט איך גערן **דיר** אפ;
**מיר,**
איז ליבער **איין** מינוט פון עולם הזה
ווו איך זאל **ניט** זיין שטענדיק אין דער בחינה פון א גבאי... —
ווי דער גאנצער עולם הבא...

## דער פידל, די קאץ און דער סמיטשיק

שפילט דער פידל סטעמפעניוש,
און מערקט בחוש
ווי ער דערוועקט,
צערודערט
און דערהויבט.

**די קאץ**
(פארזשמורעט איינס
און דאן דאס צווייטע אויג,
און אירע אויערן ניט גלויבט;
זי הארכט און גאפט):
איז מעגלעך?
אזא מתיקות פון מיין איינגעווייד?
(און זי צעכראסטעט איר פאשטשעקע,
זיך צעמיאוקעט מיט איר גאנצער קראפט).

**דער פידל**
געוואלד! רחמנות!!
איך וועל זיך א מעשה אנטון!!!

**דער סמיטשיק**
(טוט א גלעט די סטרונעס
און זיי כישופן ארויס א ניגונדל א צארטס):
„נעם דיר ניט צום הארץ;
דו מוזט די קאץ פארשטיין און מוחל זיין;
א קאצנ־מוח ניט פארטראגט,
ווען מעלות וואס אן אנדערער פארמאגט
בולט׳ן די אייגענע חסרונות.

ווי ביי דאאיקייט פון צדיק
פון רשע די עוונות...
און עס **מינערט ניט זיין קנאה** און זיין ווּוט,
אפילו ווו עס איז די רייד
פון אייגן פלייש און בלוט...

## דער בוים, דער שטעקן און דער בעטלער

קוקט דער שטעקן מיט הכנעה
צום צעצווייגטן,
גוידערדיקן
בוים,
בעת דער בוים ציט אויס זיין קאפּ
אלץ העכער, העכער,
איבער קוימענס,
איבער דעכער.
בייגט דעם קאפּ דער שטעקן
טיפער טיפער
און ווארפט שילנדיק
צום שטאלצן בוים א בליק.

**דער בעטלער** (נעמט דעם שטעקן)
טייערער באשיצער מיינער,
גאטס שליח מיינער!
אסור צי כ׳וואלט דיך פארביטן
מיט א דעם זיך בלאזנדיקן
גוידערדיקן אינדיק.
גאט איז נותן לחם לכל בשר,
אבער נאר ווען דו מיך שיצסט
פון הינט און בייזע ברואים,
נאר ווען דו לענסט אונטער,
שטיצסט
מיין שוואכן גוף
די אויסגעמארכעוועטע ביינער —
קען איך לויבן גאט.
דו טייערער באשיצער,
שטיצער
מיינער!״

און דער בעטלער טוט א קוש דעם שטעקן
אף זיין איינגעבויגן קעפל.

**דער בוים** (מורטשעט)

הייסט עס אז מיין גאנצע קרוין,
מיין ברייטקייט און מיין שיינקייט
שטייען מיר ניט ביי
צו שטיין אין ריי
מיט אזא פשוט אויסגעקרומטן שטעקן!

**דער בעטלער**

איך אונטערשאץ חלילה ניט דיין ווערט;
אין שאטן דיינעם פריש איך אויף די מידע אברים
און כח שעפ פאר ווייטער וואנדערן;
איך בענטש און לויב דיך
און דיר ווינטש אריכות ימים;
אבער הער מיין שכל
און מיין סברא:
מאנכמאל קען א בריאה א אומזעעוודיקע,
מער באדייטן ווי די גרעסטע שררה...

## דער בוים און די זעג

**דער בוים**

האסט ארייַנגעשטשירעט דייַנע צייַנער אין מייַן אייַנגעווייד
און שטיין געבליבן; ענדיק!

**די זעג**

איך האב חרטה. איך וויל תשובה טון.
עפּעס טיאכקעט מיר אין הארץ,
ווען כ'זע ווי ס'טריפט פון דיר דאס ווייסע בלוט.

**דער בוים**

שפּרינגזשע ארויס פון מיר!

**די זעג**

דאס איז איבער מייַנע כוחות;
איך בין שוין צו טיף ארייַנגעפּרעסן.

**דער בוים**

מיט אביסל אנשטרענג וועסטו קענען.
(די זעג פּרוּווט, א בויג אויף רעכטס,
א בויג אויף לינקס — זי איז ארויס).
האסט געזאגט דו האסט חרטה
און ווילסט תשובה טון.

**די זעג**

איך האב עס אקארשט אויך באוויזן!

**דער בוים**

דאס איז נאך ניט קיין באווייז.
ווער ס'פּארמאגט אזעלכע חיה'שדיקע צייַנער,
קען ניט, **ניט** אין פרעמדע לייַבער ארייַנצובייסן.

**די זעג**

וואזשע איז מייַן תיקון?

**דער בוים**

ארויסצורייסן **אלע ציינער ביז צום לעצטן!**

ערשט דעמאלט וועלןביימער וויסן:

זיי קענען פירן זייער לעבן,

ווי עס האט זיי גאט געגעבן...

# דער הונט און די קאץ

באנאל ?
איך האלט פון כלל :
וואס שיין און וואר —
אויף אים ניט חל,
די צאל פון יאר.

אויך וואלף און שעפסל איז באנאל ;
עס האט נאך מיט דריי טויזנט יאר צוריק,
א דיכטער־נביא,
זיי פאר א אידיי־מעטאפאר אויסגעקליבן,
און ביז היינט־צו־טאג
איז קיין בעל־חיים מערער אקטועל ווי זיי...

וויל אויך איך,
א מעשה מיט א הונט און קאץ דערציילן.
דער אנהויב פון דער מעשה
ציט זיך נאך פון ששת ימי בראשית,
און דער סוף —
עס איז א מעשה אן א סוף...

2

עס איז א הונט אין הויף געקומען
האט ער דארט א ביין געפונען.
אבער ניט אזוי א ביין,
סתם א ביין
וואס הינט אפילו קענען זיך צעברעכן ציין.
דאס איז געווען א ביין א יחסן,
וואס מאדאם אנזארגן
פלעגט טראקטירן מיט א צערטלעכן „גוט מארגן״

איר מפונקדיקע טיגער־קאץ.
די מיוחסת,
האט דאס פלייש ארומגעהריזעט
ריין,
באלעבאטיש
אפגעליזעט,
און דעם ביין דעם פעטן
מיטן גאנצן מארך,
געלאזט אף הפקר.

3

האט דער הונט די קאץ דערזען ;
האט ער מיט א צארנדיקן ברען
אויף איר א הרים געגעבן —
די שערשטש האט זיך ביי איר געשטעלט קאפויער.

וואלט ער ניט צום ביין געטראכט,
צום ביין מיט וועלכן ער האט זיין הונגער זיך געשטילט
**אין זכות פון טאקע אט דער קאץ —**
וואלט איר באלוין געוועזן,
ווי דערס פון דער הגדה...



באנאל ?
עס איז אן אלטע־תמיד־נייע מאדע...

# באגעגנסט דו אין וועג א שלאנג

א ייד געגאנגען אויפן טראטואר,
באגעגנט אים א שייגעץ א סטודענט.
א שטויס און א געשריי:
„זשידאן דארף גיין אין מיטן וועג
וווּ ס'גייען די חזירים, מארש!
— סיקטיר!
— אים ענטפערט מיט קוראזש דער שטאלצער **ייד** —
א פאטש, צעגליט
זיין פנים. לויפט די גאס — —
יריד — —.

דער שלעגער גייט אריין אין א לאקאל.
דער ייד, אימפעטיק, לויפט צום שטראז־סערזשענט
(די גאנצע סצענע ער פון **פריער** זעט)
און בעט:
„גיי נעם דעם סקאנדאליסט אויף פאליציי".

דער וואכמאן גייט אריין אין דעם לאקאל,
נאך אים דער ייד.
— האי, קום מיט מיר.
— פארבעט דעם שלעגער, העפלעך, דער סערזשענט —
דער „העלד",
דעם ייד דעם קאפּ פארטשמעלט.
וויל לייגן דער סערזשענט, גאלאנט,
אויף אים די האנט,
זיך מישט אריין
א קאלאנעל,
א פּרוי
און א באיאר:

„משוגע צי טעמבעל ?!
צוליב א ייד ?!
אים קומט א שכר !!
א לוין !!"
דערהערט דאס דער סטודענט,
דערלאנגט ער אינעם יידנס רוקן א פומנאל.

פון גאס עס הודיעט דער המון:
„געארגיע! בראווא! בראווא! נאציאנאלער העלד!!"

מיט א פארשוואלן פנים, רויט פאר ווייטיק, רויטער נאך פאר שאנד
זיך שארט ארויס דער ייד אויס דעם לאקאל,
און טראכט, צו וועמען גיין זיך קלאגן אויף א דעם סקאנדאל.

דער אלטיטשקער מענעניוס גייט פארביי;
ער טוט א שאקל מיטן ווייסן קודלעוואטן קאפ,
און שטעלט זיך ווי פאר דאריוסן עזאפ:

„אט זענען מיינע ווערטער שוין פון לאנג:
באגעגנסטו אין וועג א שלאנג,
איז אדער מאך אן שהיות איר דעם עק
(אז ביסט בכוח), אדער טרעט איר אפ פון וועג.
גיין זוכן, רעכט פאר דיר **ביי איר** אין הויז —
א קינדער! ווען וועט איר אזא עלעמענטארן אמת,
סוף־כל־סוף פארשטיין:
איעדן ווארעם שיצט זיין כריין..."

רומעניע 1936

# גלויב ניט דער קאַץ

(פּאַראַבל־באַלאַדע)

**„וגילו ברעדה" — ווען איר פרייט אייך,**
**זאָלט איר עס טון מיט ציטער.(תה' ב.)**

1

עס איז אַמאָל אַ לאַנד געווען,
געהערשט האָט דאָרטן אַ טיראַן, אַ פּחדן.
האָט עמיצער אַן אוידיענץ געבעטן,
האָט זיך דער הערשער אַנגעטון אַ פּאַנצער
און זיך פאַרבאָרגן אונטער אייזערנע שטאַכעטן.
עס האָבן ניט געהאָלפן דריי מאָל טעגלעך
תפילות,
יהי־רצונ'ס,
עס האָבן ניט באַרוייקט אים גבורים־היטער
ביי אַלע פענצטער,
טירן —
פאַר זיינע אויגן האָט געזען ער טאָג און נאַכט אַ פייער־האַנט
טויט שרייבן:
„כלו כל הקיצין...".

כדי אַ פּחד אויף די אונטערטאַנען
אַרויפצוואַרפן,
האָט ער באַפוילן,
אין מיטן לאַנד אַן עשאַפאָט צו קאָנסטרואירן.

איז מען אַרומגעגאַנגען
ווי אויפן עולם —
התוהו,
די קעפּ אַראָפּגעהאַנגען,
די פיס פאַרפּלאָנטערט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

האט קיינער קיינעם קיין „גוט מארגן" ניט געבאטן,
האט קיינער קיינעם מיט קיין קרעכץ ניט אויסגעהאלפן
(פאר אייגענעם געברויך האט ניט געסטאיעט)
עס האט אין גאנצן לאנד געזאטן,
דער קעסל פונעם שטן...

2

א פרילינגס נאכן־מיטאג.
פארבלאנדזשעט האט א ליכטשטראל אין א ד' אמות־דיקער כאטע.
ארויסגעריטן האט אויף אים גאלאפ א קינד א וועוורק.
אין דרויסן האט געטון עס א צעגלאץ די אויגן,
מיט א געשריי אין שטוב ארייגעפלויגן,
דעם טאטן אנגעכאפט ביים גארטל
און ווילד געשריגן:
„דער עשא־פאט פארשוונדן, טאטע!!!"
— — — — — — — — — — — —



האט הימל
זיך אויסגעצירט מיט פידלען,
און גרייזע מענטשן זענען קינדער
געווארן, קינדער וואס ניט ווייסן פון קיין גרעניץ,
און אלע גייען איצט
א גומל־טאנץ מיט דבקות,
אויף אלע גאסן,
אלע שטראזן.
ווערט פול די לופט מיט מזלטובס און קושן,
מיט לויב־געזאנג צו דעם וואס האט נשמות
אין גולמות ארייגעבלאזן...

— ווער פאכעט דארטן ?
דארט פאכעט ווערשיק פול מיט יאוש !
א דארטן־דארטן אויפן בוים־שפיץ !
— האט עמיצער אריינגעשריגן אין דער הוליענדיקער מחנה —
דאס ראד געבליבן שטיין ווי ביי א בר־מינן דער דפק,
און הונדערט טויזנטער מיט שרעק פארפלייצטע אויגן
(אין שאטן שטריימלעכס,
קאפעלוטשנס
און צילינדערס)
ווי ווייוועדיקע קינדערס
דערשראקענע מיט באבעק —
א ווארף געטון אהין די בליקן.
— — — — — — — — —
דער שרעק ווערט גרעסער,
יאושדיקער,
די לעדלעך עפענענן זיך ברייטער,
ציטערדיקער :
„עס איז - - עס איז - - א ווי - - עס איז בן־לענה !
די ווערטער זיינע, געטלעך הייליק ;
אט שרייט ער ווי א בייזער שטראפער־נביא,
אט וויינט און בעט ער :
„דערבארעמדיקער פאטער,
נחשבת כצאן טבחה — הושע־נא !"
און ווי א סאמעט פרילינג־ווינטל גלעט ער
נאר תמיד תמיד - - ווי אונדז - -
אט רעדט ער - -
אט רעדט ער - -
— — — — — —

4

ביידע הענט ווי בינטלעך זונענשטראלן,

אויסגעשטרעקט צום פאלק־צו,
פליסן ווערטער,
דאכט זיך ברכות פון א רבין,
דאכט זיך שמיץ פון גליענדיקע רוטן:
„קינדערלעך איר זאלט די ביינער מיינע איבערלעבן;
טייערינקע שעפאלעך — און טרערן גיסן זיך ווי פון א לאגל —
מיר פאר אייער מינדסטן נאגל,
כ'האב געלאזן אייך אביסל טאנצן,
טאנץ, א סגולה קעגן יאוש וואס אין הארץ זיך וויל פארפלאנצן;
יאוש, ערגער איז ווי טויט, איז טויט אין לעבן;
אבער ליבינקע, מיט מאס, ניט איבערכאפן".

ווי ביי געטלעכער דערשיינונג אין דער מדבר,
האט אצינדער קיין באשעפעניש גערירט קיין אבר;
שטילקייט אנצוטאפן.
האט בן־לענה א מאמענט די הענט אראפגעלאזן,
זיינע בליקן אויף די פענימער פון פאלק געלאזט שפאצירן,
און ווי מורמלען פון א פאטיקל אויף גרינער לאנקע,
געפלאסן האבן זיינע ווערטער:
„צופיל פרייען קען ווי צופיל טרויערן דעם מענטש פארפירן;
תמיד ווען דאס הארץ צעפלאמט זיך,
מוז מען עצה'ן זיך מיט דעם געהירן
— — — — — — — — — — — —
וויסן זאלט איר קינדער מיינע:
האט א קאץ געכאפט א מייזל
אפגעלאזט עס און די אויגן צוגעזשמורעט
גלייך זי האט ניט כלל דערצו קיין שייכות —
ווער דאס נאר אזוי לאנג דויערן, ווי לאנג דאס מייזל
אין הינערפלעט איז;
ווער עס
אבער פרווון מיט אן אבר זיך צו רירן,

ווערט די בעסטיע זיך זאפארט אין איר דערוועקן,
אין א אויגנבליק דאס אומבאוואפנטע באשעפעניש דערעקן.
קינדערלעך
— און ס׳קייקלען זיך אויף זיינע פארמעט־באקן,
טרערן גרויס ווי טרויבן —
קיינמאל קיינמאל קינדער מיינע,
קיינמאל זאלט איר קינדערלעך
קיין קאץ ניט גלויבן..."

# א קאץ אויפן דאך

1

אין קעלער
איז זי געווען באלעבאסטע איבער טעפ און טעלער,
און אבסאלוטער הערשער איבער אלע לעכער.
האט זי געוואלט דערגרייכן העכער;
ארייַנגעכאפּט זיך אין דער קאמער קודם,
פון קאמער אויפן בוידעם,
פון דארטן, דורך א שפּארע אויפן דאך ארויפגעקראכן.
פון אויבן זעט זי, ווי א שכן גייען אויס די כוחות אונטן
אין צוויי־קאמף מיט א שונא,
און זי, קוקט ווי א זונה...

2

שטייט זי דארט זינט טעג און נעכט,
און הערט ניט אויף צו קלאגן נאך איר ווילטאג.
אונטן לויפן, שפּילן זיך די חבר׳טעס,
און זי יללה׳ט, טויערן פון רחמים ברעכט.
ווי וואלט זי איצט געוואלט מיט זיי צוזאמען זיין!
קיינמאל מעכט זי זיך שוין ניט אזוי פערפיד
איבערהויבן: גלויבן — אקארשט זי אין הימל פליט.

3

דער אלטער בעטלער גביעה,
דערזעענדיק דאס וויינענדיקע קעצל
האט אנגעשפּארט זיך אן א קלעצל,
ארויפגעשארצט די יוחנן־ברעמען,
א קרעכץ געטון און אנגערופן זיך צום עולם:

„פון אט דעם ארעמען באשעפעניש זאלט איר א ראיה נעמען;
„פון אייביק

ביז אייביק
וועט א דער אמת ניט פארביטן ווערן:
ווען עמיצער קוקט **היינט** פון אויבן אויף זיינסגלייכן,
קען **מארגן** ער צו אים ניט גרייכן...
און נאך וויל איך אייך זאגן איין פאר אלע מאלן:
עס ווערן בערג **דערהויבן**
א דאנק די **טאלן**...

## ער האט א מאמע, זי — א טאטע

1

ער האט א מאמע זי א טאטע.
די מאמע וויל נדן, דער טאטע — א טיטל.
די קינדער,
קוקן אויף די ווינטשן און די ווינטשערס,
מיט ווייטיק און מיט ביטול.
האט טאטע־מאמע ניט **געוואלט** פארשטיין **די קינדער,**
די קינדער, ניט **געקענט** פארשטיין זיי ביידן;
דער סוף — א ליכטיקער גן־עדן...

2

דער אלטער דזשאד געטון א שאקל
מיט דער פלאקסן־גראער בארד,
ארויפגעצויגן זיינע לאנגע אשנברעמען
און געזאגט צו די מלווים:
„איך טענה דאך פון תמיד:
מיט ארעמקייט און נאמען,
טאר מען קיינמאל זיך ניט שעמען;
**דווקא** טיטל, **דווקא** געלד —
זענען אפט א בריק צו יענער וועלט..."

# פארגעסן די כלה

מחותנים — פרעמדע, אייגענע —
געקומען און באזעצט די פלעצער אלע.
מ׳האט זיי ידידיש אויפגענומען,
יעדן א בוקעט מיט בלומען
(יעדן לויט זיין מעלה) —
און פארגעסן אן דער כלה.

האט די כלה זיך געדרייט
באטריבט,
נערוועאיש
אויף איר אויסגעבעטן „טראן״,
און ניט פארשטאנען
וואס עס טוט זיך דא
— — — — — — — — —
די גאנצע שמחה איז דאך איר צוליב,
און זי מען האט פארגעסן !?
— — — — — — — — —
אין א מזלדיקער שעה —
„באדעקן״.
פון אלע ווינקלען פונעם זאל,
פון אלע עקן,
גלאצן אויגן
זען די כלה.
— — — — — — — — —
ניטא !
די כלה איז פארשוווּנדן.
— — — — — — — — —
די טראמפעטיסטן האבן אפגעלאזט די כלים,

און פאוואליטשקע **פאוואליע**
איז דער זאל געווארן לער.
די בענקלעך און די טישן
פול פאר׳יתומ׳טע בוקעטן.
מאנכן פאלט פון אויג א טרער
א צווייטן גלוסט זיך גאר צו שפעטן...
דער חתן גייט ארום מיט א אראפגעלאזטער נאז
די מחותנים ווי אבלים,
יעדער פרעגט דעשטוינט:
פאר ווען?
פאר וואס?
צי זענען איר די געסט ניט אנגעשטאנען,
צי דער חתן ניט געפעלן? —
קיינער ווייסט ניט.
**איין** זאך בלויז
האט יעדערער פארשטאנען:
אן א כלה **קען מען ניט קיין חופה שטעלן...**

# **מחלוקת צווישן די אותיות אמת!**

(עפילאג)

**ת.** אחרון אחרון חביב,
דער סאמע לעצטער
איז דער סאמע ליבסטער.
פארשטייט זיך,
איך בין **תורה,**
אין מיר געלערנט האט דער בורא,
ווי אזוי די וועלט באשאפן,
ווי אזוי צו מאכן מענטשן,
אפן ;
און אזוי איז ער מחדש
בכל יום תמיד מעשה בראשית,
מיך ניט לאזנדיק פין זיינע הענט,
אויף קיין מאמענט.
דורכדעם איז גאר קיין וואונדער ניט,
וואס ער האט מיך צולעצט געשטעלט
ווי יעקב רחלען,
ווייל אן מיר,
פארגליווערט בלייבט די וועלט...

**א.** אבער **איך** בין **דיין יסוד**
איך בין **אמת,**
דער חותם גאטס.
דו ביסט אויף אזויפיל ווערט,
אויף וויפל דו באזירסט אויף מיר.
קוים האסטו פון מיר
א **שפאן** זיך אומגעקערט —
איז אנשטאט **בויען,**
מאכסטו **חרוב** וועלטן.

ווען איך שטעל „לאו״־ען
און דו ביסט זיי ניט גורס —
פארשעלטן דיך
יחידים,
פעלקער,
אין אלע דורות.
דורכדעם האט כביכול
מיך געשטעלט אן סאמע **שפיץ** —
ראשון ראשון חביב,
דער סאמע **ערשטער**
איז דער סאמע ליבסטער,
ווי אברהם,
דער ראש פון די צדיקים.

**ת.** אוי, אמת אמת!
ס׳איז מיר א רחמנות,
גאטס רחמנות אויף דיר נעבעך.
דיך האט גאט באשאפן
מיט סאלידע, פעסטע יסודות;
ער האט זיך אין דיר אזוי פארקוויכעט.
אז ער האט באשלאסן
דיך צו מאכן פאר זיין חותם,
בעת דיין קעגנער,
האט ער געשטעלט אויף שוואכע פיסלעך;
אבער **געוועלטיקן,**
געוועלטיקט **ער** ניט דו.
און איך האב מורא,
אז אויך דער בורא,
זעענדיק ווי מעשה־ידיו מאכן פון דיר חוזק,
האט זיין חותם שוין פארביטן...
עס האט שוין אמאל א גרויסער דיכטער

דיר געמאכט א **הספד**:
„די געשמיסענע אמת",
ווי אן אמת׳דיקן בר־מינן.
דו האסט בכן קיינברירה ניט,
דו מוזט זיך אונטערוואַרפן.

**א.** ניין!
דאס טאר ניט זיין!
ליבער תוהו־ובוהו
איידער א וועלט פון לויטער
שקר,
חונפים,
אונטערלעקער!
ניין! טויזנט מאל ניין!
איך וועל זיך וואַרפן
אין דער לענג און אין דער ברייט,
וועל די ציינער שאַרפן
ווי א כלב אויף דער קייט
און מיט אלע כוחות **שרייען**:
די וועלט גייט אונטער!
לית דין לית דיין!
(שפרינגט ארויס די)

**מ.** אייער ׳שפּאַרעניש,
דיין דונערן און בליצן —
וועט אייך גאַר ניט ניצן.
עס איז אמת וואס עס זאגט די ת׳:
איר ווערק איז **פאר** בראשית
און **עד** אין סוף;
און נאך אמת׳ער
די טענות פון דער א׳:
א וועלט פון לויטער שקר —

אויף איר האלדז א חלף ;
אבער **ראטעווען** די וועלט פון אונטערגאנג —
קען נאר איך.

**די ת׳ און די א׳**

ווער ביסטו דאס אזא כל־יכול ?
וואסאר איז דיין ראנג ?

**מ.** איך בין משיח.

**ת׳ און א׳**

אז דו פארמאגסט אזא כל־יכולדיקע קראפט,
פארוואס באווייזט זיך ניט דיין כבוד ?

**מ.** ווייל איך בין געקאוועט.

**ת׳ און א׳**

ווי לאנג וועט דאס נאך דויערן ?

**מ.** ביז... ביז...
ביז עס וועלן זיך צעפאלן
אלע מויערן...

**23.8.69**

## פון זעלבן מחבר

**די ליימענע פויסט** (לידער, משלים, משלים-באלאדעס, סקיצן) 96 ז. פארלאג „אויפגאנג" סיגעט, 1937.

**דאס ליכט אין די אותיות** (לעגענדע איבער ביאליקן און איבערזעצונגפון זיין פאסטומען פאעם: „יתמות"), 48 ז. פארלאג „ליכט" בוקארעסט, 1938.

**האציל המהפכן** (העבראיש) געווידמעט דעם 200-סטן געבוירנ-טאג פון שיללער (איבערזעצונג פון שיללערס רעפרעזענטא־טיווסטע לידער און א ליטעראטור־היסטארישע אפהאנדלונג איבערן דיכטערס לעבן און שאפן) 78 ז. פארלאג „במשעולי" חיפה, 1959.

**דערהויבנקייט** (לידער, באלאדעס, באארבעטונג און ביאגראפישע שטריכן. איינגעטיילט אין פיר ציקלען: אצילות, תפלה-לידער, תהלים-לידער, חז"ל-לידער) 192 ז. פארלאג „במשעולי" חיפה, 1962.

**לומינא סלאוועלאר** (רומעניש) (לידער און לעגענדעס) 32 ז. פארלאג „מנורה" ירושלים.

**הדג והעופר** (העברעאיש). (קינדער-דערציילונגען) הוצאת אברהם ציוני תל-אביב. 1967. 100 ז.

**וואס שווייגסטו יעווטושענקא?** (פאעם) פארלאג „רענעסאנס" חיפה. 1967. 15 ז.

**בן הרוזן** הוצ' „רנסנס" חיפה. 1968, 64 ז.

**יידיש ליטעראטור אין רומעניע פון איר אנהויב ביז** 1968. חיפה, 183 ז.

**ספרות יידיש ברומניה מראשיתה ועד** 1972. חיפה 194 ז.

**סיפורי אגדות.** הוצ' „כרטא" ירושלים 1975..

# אינהאלט